Malach, Leib.
Ibergus : drame in fir akten.
Buenos Ayres, 1926.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004-1889.2

**Malach, L. (Leib), 1894-1936.**
Ibergus : drame in fir akten.
Buenos Ayres : [s.n.], 1926.
4 p.l., 11-75 [1] p. ; 19 cm.

1. Yiddish drama.--lcsh
I. Argentina-Buenos Aires



Reduction ratio X 10.0

---

Buenos Aires, 1926

ארויסגעגעבן אלס מתּנה דעם מחבר פון א גרופּע
פריינט אינם יוגנט קולטור צענטער אין
באהיא בלאנקא:
**א. בערמאן, נ. סטאמלער, מ. פאנאסאף.**

ל. מלאך: איבערגוס: דראמע
אויפגעפירט צום ערשטן מאָל דעם 18־טן יולי אין טעאטער
"פּאָליטעאמא ארגענטינא" בוענאָס איירעס. סטיליזירט.
רעזשי: י. באטאשאנסקי.

ב א ט י י ל י ק ט ע :

| | |
|---|---|
| רייזל | מערי פראדקין |
| דר. כּילווא | וואָלף דאָרעלין |
| בלאָנדער | מישא שווארץ |
| קוואָקע | מאטילדא זייד |
| חלף | יעקב קראקאוו |
| סטארע | פנחס אזרי |
| פּעסעלע | שפרה קליינבורד |
| לייזער | איזי שאפּער |
| פּרעזידענטן | ליליאַן ראָז |
| וויצע | בעלא רויזמאן |
| אַדעסערן | פּאולינא זינגערמאן |
| פראנצויזן | סאָפיא אייזנשטיין |
| יאפּאנערן | גאָלדע פרידמאן |
| ערשטער מאטראָז | זיגמונט גזשיוואטש |
| צווייטער מאטראָז | יעקב פלאפּאן |
| דריטער מאטראָז | שפרה לערער |
| אקטיאָר | יאָסל זייד |
| ליבהאָבער | חיים נאָוואדוואַרסקי |
| ערשטער דעלעגאט | ראובן פיעפש |
| צווייטער דעלעגאט | אנשעל סעגאל |
| קאָמיסאר | זיגמונט גזשיוואטש |
| פּייערלעשער | יעקב פאן |
| ערשטער אגענט | מאנים קאָרן |
| צווייטער אגענט | יאָסל בורליסק |
| פּאָרטיער | יהושע עסעלעם. |

מוזיק־לייטונג: מ. גערבעראָוו. דעקאָראטאָר: ס. לאפּירוס.
: גרים־מייסטער: א. קעמעלמייער. סופלאָר: מ. ראנים. : :

# ל. מלאך

# איבערגוס

## דראמע אין פיר אקטן





בוענאס איירעס

1926

* *

*

די פיעסע „איבערגוס" איז א וויכטיקער עטאפ אין ל. מלאכס שאפן, אבער — ניט דאס איז די סבה פון די דאזיקע שורות; דער פיעסע „איבערגוס" איז באשערט געווען צו ווערן ע פ א כ ע מ א כ נ ד אין דער געשיכטע פון אידישן טעאטער אין ארגענטינע און דערפאר — דאס, וואס מיר זוכן כסדר אזוי אויסצומיידן: אן הקדמה.

קודם כל א לשון פון פאקטן:

אין אפריל (ארגענטינע איז בידוע א פארקערטע וועלט און אנהויב טעאטער סעזאן געפאלט דא אין אפריל) 1926 איז די פיעסע „איבערגוס" פארגעלעגט און פארגעלייענט געווארן א ב. איירעסער אידישן טעאטער, זי איז געפעלן געווארן און מ'האט זי שוין געהאלטן בא אויפפירן. אין דער לעצטער רגע האט דער די־רעקטאר פון טעאטער דערקלערט, אז ער קאן זי ניט אויפפירן, ווייל זי בארירט פרויענהענדלער. דער מחבר פון די דאזיקע שורות, וואס איז א טעאטער־מענטש און מלאכ'ס א פריינד, האט געפירט די פאהאנדלונגען און איז דערשטוינט גע־ווארן, ווען ער האט דערהערט אזא חוצפה'דיק ציניש דערקלערונג פון א מענטשן, וואס שטייט בראש פון א אידישן טעאטער. זייענדיק נאך א „גרינער", האב איך געוואוסט, אז ס'ווערט משנים קדמניות געפירט א קאמף קעגן דעם דריסת הרגל פון „יענע לייט" אין אידישן טעאטער (די איינציקע עפנטלעכע אידישע אינסטיטו־ציע, פון וואנען מ'האט זיי נאך ניט פארטריבן) און אז צווישן די דאזיקע, וואס האבן אנגעפירט דעם דאזיקן קאמף זיינען אויך געווען פרץ הירשביין און ה. ד. נאמבערג, אבער אז די פרויענהענדלער האבן די גאנצע שליטה איבערן אידישן טעאטער האב איך זיך ניט פארגעשטעלט. כ'האב די געשיכטע פארעפנטלעכט און ס'איז געקומען צו א סקאנדאל און צו א כמעט בלוטיקן קאמף.

דער קאמף האט אנגענומען ווילדע פראפארצן, די גאנצע אידישע געזעלשאפט־לעכקייט און דאס געדרוקטע אידישע ווארט האט אין קאמף אנטייל גענומען און דער דערמאנטערקאמף איז שוין היינט א געוואונענער און ס'האלט ניט ווייט דערפון, דאס אידישע טעאטער־וועזן אין ארגענטינע זאל זיך באפרייען פון יעדער טמא'דיקער השפעה דער פאל מיט דער פיעסע „איבערגוס" האט געפירט צו א קולטורעלן ניצחון אין ארגענטינער אידישן לעבן בכלל און צו א ר י י נ י ק ו נ ג פון אידישן טעאטער בפרט.

דער מחבר פון די דאזיקע שורות האט אויך רעזשיסירט די ערשטע אויפ־פירונג פון „איבערגוס" און אז ס'האלט שוין בא הקדמה, טא זאל מיר זיין דערלויבט א פאר ווערטער וועגן דער רעזשי.

ל. מלאך האט אריינגעבראכט אין דער אידישער טעאטער־ליטעראטור א נייע פארב: א בלאנדע, א ק ר י ס ט ל ע כ ע . ניט אומזיסט האט דער געדאנקען־טרעגער פון דער פיעסע — דער עמיגראנטן־לערער, וואס איז פארליבט אין א פראסטיטוטקע און גייט אין די „הייזלעך" אריין שרייבן בריוועלעך צו די מאמעס — דער בלאנדער. ער טראגט אין זיך קריסטלעכע „ווער ס'איז בעסער פון איר, זאל ווארפן א שטיין" צו דער זונה בכלל און ניט א קאפיטאן איז דאס בא אים, נאר א טיפע, גרויסע ליבע. דער אקטיווער העלד פון דער דראמע איז א פרוי מיט א

גרויסן כאראקטער און מיט א סאך שיינעם מענטשלעכן שמאלץ — די זונה רייזל. ווי שיין און ווי הויך זי ראנגלט זיך אין איר פארלאנג איבערצונייסן זיך. שטעלט מען צו דעם מולאט דר. סילווא, וואס האט זיך פארליבט אין רייזלס ווייסקייט און זעט אין איר „א נעהייליקטע דורך זינד" — דאן האבן מיר פארענדיקט מיט די טראגישע און רייכע העלדן פון דער פיעסע. פון זיי קומען צו די אנפירער פונם תהום: די מכשפה „קוואקע", וואס איז די מומע פון הייזל, דער שוחט פון די פרויענהענדלער חלף און זייער אקטיאר סטארע. די צוויי לעצטע זיינען די דאזיקע, וואס זיינען מטהר דעם שרץ מיט „רעליגיע" און „קונסט" — פרויען־הענדלער קאנען אז דיביידע ניט לעבן... די איבעריקע פערזאנען זיינען פון קלענערער וויכטיקייט און בילדן ניט מער ווי די סביבה: רייזלס קרובים, וואס געפונען זיך אין קלעם צווישן „אידישקייט" און „ריינקייט". אז רייזל לעבט מיטן קריסט סילווא איז זי א רייכע, אבער ניט קיין אידישקע, „ארבעט" זי אין „הייזל" בא קוואקען איז זי א „אידישקע", אבער ניט קיין ריינע. ווייסן זיי ניט וואוהין צו ציען... די פרעזידענ־טעכעס מיט די דעלעגאטן זיינען דער הילפלאזער ריינקייטס־פארלאנג און קאמפס־אויסדרוק פון דעם קליינעם אידישן קיבוץ.

אין דער רעזשי האב איך געזוכט בולט צו מאכן דאס „בלאנדקייט" פון דער פיעסע קודם כל דורך די מאסקעס: דער בלאנדער איז גרימירט כמעט ווי א יעזוס (כמעט, ער איז צומאל א אידישער יויזל") רייזל — ווי א מאריע מאגדאלענא. דער תהום איז שווארץ: קוואקע — א מכשפה. חלף — א האלבער רב און א האלבע פראכטיטוטקע. סטאר — א הארלעקין מיט שווארצע און רויטע פלעקן אפן פנים. רייזלס קרובים זיינען — פשוט גריז, די פרעזידענטיכעס און די דעלעגאטן — גרויסע קינדער.

די גאנצע אויפפירונג איז שוין במילא א פועל יוצא פון די מאסקעס און איז ניט קיין נאטוראליסטישע, נאר א סטיליזירטע. אלע פערזאנען טרעטן אויף אונטער מוזיק און אויטאמאטיש. די ערשטע סצענע פון ערשטן אקט, וואס הויבט זיך אן מיט דעם וואס דער בלאנדער שרייבט א בריוול צו רייזלס מאמען ווערט געפירט אונטער די קלאנגען פון „א בריוועלע דער מאמען" א. א. וו.

דעם טעקסט האב איך זיך אין ערגעץ ניט דערלויבט צו ענדערן, אבער איך האב אים תמיד טעאטראליש געטייטשט און דאס גערעדטע ווערט געשפילט.

א געוויסע השפעה אף דער רעזשי האט געהאט דער פיבערדיקער מאמענט פון קאמף און זייער אפט ווערט די בינע איינגעטיילט אף צוויי פלעקן: א ווייסן און א שווארצן, אבער דאס ווערט תמיד געטון טעאטראליש און די רעזשי האט תמיד אין זינען געהאט דאס בילד ניט ווייניקער ווי דעם געדאנק.

רייזלס „איבערגוס" איז טראגיש געלונגען און ניט געלונגען. דער איבערגוס פון אידישן טעאטער אין ארגענטינע, וואס איז אזוי נויטיק — וועט געלונגען.

**יעקב באטאשאנסקי**

בוענאס איירעס, יוני 1926.

---

# טיפן:

### רייזל

א יונגע "פרויענצימער" אן ערך דרייסיק יאר אלט. א פולע שלאנקע פיגור, דאס פנים ווייס און איידל. דינע קיילעכדיקע ברעמען. לייכט און טונקל אונטערגעפירט די אויגן. און זיי ברענט א שטילער רייץ. דער קאפ געפאליעט אין שווארץ סאמעט־געלאקטע האר.

### דר. סילווא

א טונקל־הויטיקער. — א מולאט. קורצע געקרייזלט־שטייפע הערעלעך אויפן קאפ. ברוין־גרינלעכע קאלירן אויפן פנים. עלעגאנט אין זיין באנעמונג. ער איז נאנט צו די פופציק יאר. נאציאנאלער דעפוטאט אינם קאנגרעס.

### דער בלאנדער

א "גרינער" יונגערמאן, זעקס און צוואנציק יאר אלט.

### די קוואקע

אן אלטע "מאדאם", די באלעבאסטע פון "צימערן". פינף און זעכציק יאר זיינען איינגעפלאכטן אין איר מילך־ווייסן קאפ. איר גוף איז צוליאבערט. הינקט אויף ביידע פיס.

### בערל „חלף"

א געוועזענער "הברה־מאן". האט ער היינט א געשעפט פון אלטווארג. א מגושמדיקער פעטער ייד. ער איז "זייער" שוחט און גבאי.

### סטארע

א פארבלאנדזשעטער אקטיאר. א געלער און א הייזעריקער. ער איז "זייער" חזן...

### פעסעלע

רייזלס מאמע. אן אלט קליין יידענעלע.

## ל י י ז ע ר

ריזלס ברודער, א שווארצלעכער, א דארער מיט א געשטופלט פנים.

ד י  פ ר ע ז י ד ע נ ט י ן

א דאמע פון יידישן פרויען הילפס־פאריין.

ד י  ו י צ ע ־ פ ר ע ז י ד ע נ ט י ן

פון זעלביקן פאריין.

ד י  פ ר אַ נ צ ו י ז י ן

ד י  י אַ פּ אַ נ ע ר י ן

ד י  אַ ד ע ס ע ר י ן

רייזלס חברטעס, „מיידלעך אויף ס׳צימער“.

ד ר י י  מ אַ ט ר א ז ן

ע ר ש ט ע ר  ד ע ל ע ג א ט

צ ו ו י י ט ע ר  ד ע ל ע ג א ט

פאַרשטייער פון יידישער געזעלשאפטן

אַ ן  אַ ק ט י אַ ר

א  ל י ב ה אַ ב ע ר

א  ק אַ מ י ס אַ ר

צ ו ו י י  פ אַ ל י צ י י  אַ ג ע נ ט ן

א  פ י י ע ר ל ע ש ע ר

א  פ אַ ר ט י ע ר

ע ו ל ם :

---

אין ריאָ דע זשאנעיראָ.



## ע ר ש ט ע ר  א ק ט

אויפנעם־סאלע אין „הויז“ פון מאדאם קוואקע. לינקס און רעכטס — טירן מיט שווערע געלע פאַרהאנגען. גלייך — א טיר צום „געסל“. אינווייניק איז א פארהייזל פון רויטע ברעטלעך און טירלעך מיט מאַטע שויבן, לייטער לאַדנס. אויף דער וואַנט קעגנאיבער — א שווערע אלמאַדישע פיאנע, אויף איר — א בוקעט מיט פארטריקנטע בלומען... אויף דער ערד וואַלגערט זיך א מעטאַלענע טאַץ מיט ליידיקע גלעזלעך...

ס׳איז ערב יום־כפור פארנאַכט.

עס קומט אַן דער בלאַנדער פון רעכטס עלאסטיש און שוועבנדיק האַלט א גרויסע פעדער. פון לינקס שאַרט זיך אַן רייזל איינגעטוליעט איר קאָפּ אינם הינטל.ביידע טרעפן זיך ביים טיש אויף וועלכן ס׳איז דאָ פּאַפּיר און א טינטער. דער בלאַנדער שרייבט. ר י י ז ל זעצט זיך אויפן טיש און שמייכלט צום ב ל אַ נ ד נ ס שרייבנדיקן פינגער. אַנגעטון איז זי אין א גרין זיידן קליידל מיט ווייסע קרעלן אויסגענייט. ווייסע שיך און זאָקן. האַלט זי די פיס אונטערגעשפּאַרט אויף א געבעטע שטול. אין איר שוים טוליעט זיך דאָס ווייסע ראסע־הינטעלע מיט געקרייזלטע האָר. איבערן שטערן הענגט אראָפּ א בינטעלע לאָקן און וויגט זיך אין דער לופט ביי יעדן ריר אירן.

**ר י י ז ל :** ...שרייב, שרייב, רוביא, וועסטו זיך אָנשרייבן א גוט יאָר! אמת, ווער ס׳האַלט די פעדער אין האנט...

בלאנדער: שרייבט זיך אָן א גוט יאָר?..

רייזל: אזא מזל שוין אויף מיר. האסטו ארייננעשריבן וועגן די פּעק־לעך וואָס כ'האָב געשיקט?

בלאנדער: יא, ארייננעשריבן.

רייזל: שרייבושע צו... ווארט נאר... מער נישטא קיין נייעס. — לאָז גריסן לייזערן. וואס שרייבסטו נישט? זיך פארקלערט?

בלאנדער: דאס בעסטע וואלט געווען, ווען איר פארט אוועק, דארט, אין אמעריקע: ס'איז דא אזוי פיל יידן, מ'קאן נישט איינער דעם צווייטן, אזוי פיל יידן אין אמעריקע!

רייזל: אוי, יאלדיקל! ווער דארף אמעריקע מיט יידן, הי פּעלט קינע־לעך? וואס איז דען דא שלעכט?

בלאנדער: איר ווייסט דאך. וואס איך מיין: מ'האכט אזוי, מ'לאזט נישט אויפהויבן...

רייזל: כ'לאך זיך אוים פון זיי! אז מ'וויל ארוים פון לעבן, קאן מען אזוי אויך. ווען איך וויל נישט דאווענען אין זייערע שולן, כ'דאוון אזוי אויך נישט. און נאכן טויט מעג מען מיך לייגן, וואו מ'וויל, אפילן פאר די הינט ארויסווארפן...

בלאנדער: אין ערגעץ איז נישט אזוי. אומעטום זיינען דא אזעלכע... אין ווארשע און אין אדעס. און אז מ'וויל זיך צוריקקערן, עפנט מען אויף ברייטע ארעמס, נעמט מען אויף מיט חסד, נישט ווי דא...

רייזל: אז איך קום צו די היזיקע אויף א באילע גיט מען מיר אפּ א רעספּעקט. ביי ס'אונדזעריקע יידעלעך פּאַרדרייט מען מיט די קעפּ, כ'שאד זיי צום יחוס, די מאַדאַמען זוויערקרוויטס...

בלאנדער: אין אמעריקע איז אנדערש: דארט זיינען אלע גלייך; א מענטש איז א מענטש. איר דארפט פארן אין אמעריקע, א רחמנות אויף די טעג, וואס פארגייען ביי אייך אין יאמער. איר פילט עס נים, איר זענט אינדרינגען, אבער ס'ציט דאך אייך פון דאנען.

רייזל לאנדסמאן, אז מ'איז אין דעם לעבן קאָן מען אזוי גרינג נישט ארויס. כ'בין נאך נישט פארפאלן. אז כ'בין נאך נישט קראנק, וועט קומען א וויטישער און וועט מיט מיר חתונה האבן.

בלאנדער: איך אליין... איך אליין. ראזא! ווען איר באשטייט האב איך א פּלאן — — —

רייזל: אזוי? כא־כא־כא־כא! אוי, גרינער, פארוואס האסטו מיר גאר־נישט נעזאגט? ווילסט פירן מיט מיר א ליבע?

בלאנדער: א ליבע? מ'קאן נישט זאגן סתם אזוי, ליבע איז צו נע־



ווינלעך. אייך האט מען אנדערש ליב.

רייזל: כא־כא־כא־כא־! אוי, מאמע!

בלאנדער: לאכט נישט, ס'איז אזא מין ליבע, אפילו דער דאקטאר סילווא...

רייזל: (פארשטעלט מיט איר האנט זיין מויל) ששש... שא!

בלאנדער: נישט קיין שלעכטס מיין איך; ר'איז זייער א פיינער מענטש, אָבער ער ליבט אייך נישט מיט אזא באוואוסטזיין. איר געפעלט אים. עפּעס רייצט אים אין אייך, געפעלט איר אים, — ווייטער גארנישט. (פּויזע) אבער איך? איך... ס'איז עפּעס אנדערש. איך ווייס נישט צי איר וואלט געוואלט זיין מיט מיר, התונה האבן; איך ווייס נישט צי איך וואלט געוואלט, צי איך וואלט מוט געהאט, איר פארשטייט: די געזעלשאפט... מ'איז צוגעבונדן... נאר אויף אייך האָב איך אזוי פיל רחמנות! ניין, נישט קיין רחמנות, נאָר אזא מיטלייד... מיין הארץ, ס'איז אזוי ווארעם, עפּעס צעגייט דאָרט, און אין מיין בלוט טונקען זיך אייערע פיין, איר פילט נישט אייערע ליידן, איך — יא. ווען איר שלאָפט אפילו פארטאָג, ווען איר שלאפט, בין איך נאך וואך און טראכט וועגן אייך. מיר דאכט, אז איר וויינט דאמאלס! איץ איר וויינט?

רייזל: וואס האב איך צו וויינען, די שיפן זיינען מיר אונטערגעגאנגען?

בלאנדער: די שיפן נישט, נאה אייער גליק, אייערע חלומות און די האפענונגען — יא.

רייזל: האב איך שוין נישט קיין האפענונג? וועלכער מענטש האט דאס נישט קיין האפענונג.

בלאנדער: איר פילט נישט — איך זע, מיר דאכט: יעדן טאג לעשט זיך א שטיק לעבן. איך זע ווי ס'שאָטנט זיך אייער בליק. איר לאכט אפילו מיט אזא טרויער, און איך וויל אייך אזוי העלפן, כ'האב אייך אזוי ליב, ראזא, נאר עפּעס פעלט. א ווילן, מוט! ווען איר זאלט מיר צווינגען אייך ארויסצעפירן פון דעם תהום, פון דעם גע־סל, ווען איר וואלט מיך געצווינגען, באשווארן, געניים, וואלט איך אלץ געטון, אלע מיטלען אנגעווענדעט, איר פארשטייט?

רייזל: וואלסט חתונה געהאט מיט מיר?

בלאנדער: ווען אייער גליק וואלט אין דעם זיין געווענדט!

רייזל: וואלסט חתונה געהאט? (קלערט א רגע, בויגט אן איר קאפּ אויף זיין אקסל, ער פרעסט היים צו זיינע ליפּן אויף איר באק) נארעלע, וואס וואלסטו געטון מיט מיר? וועסט דען קאנען מיר

קויפן זיידענע קליידער און אויסמעבלירן צימערן, גרינער?

**בלאנדער:** נאך נישט אויף דעם הענגט דאס גליק. מ'קאן זיין באַשיידן, ארעם און צופרידן.

**רייזל:** ארעם? און דערנאך וועסטו מיט שיקן פארדינען!..

**בלאַנדער:** (באקומט אן אויסגעקרימטע גרימאסע אויפן פנים) ראזא!

**רייזל:** ניין, ניין! כ'מיין אזוי, נישט דו (זי ציט צו זיין קאָפּ צערטלעך. גלעט אים און קושט אים אויפן שטערן) דו ביזט אזא גוטער, אזא גוטער, — חתונה האבן וועל איך מיט א גוי! אויב דער דאקטאר וועט וועלן, וועל איך מיט אים חתונה האבן. א גוי מאכט נישט קיין חילוק. דו וועסט זיין מיין ברודערל, וועסט שטענדיק קומען צו מיר, שטענדיק! וועסטו מיר יידישע בריוו שרייבן צו דער מאמען, יא שטענדיק?

**בלאנדער:** אז ס'זאל אייך נאר גוט זיין. נישט אזוי, גלאט גוט, נאר אויף, אן אמת, אויף דער נשמה. — אבער דער דאקטאר סילוואַ קאָן אייך נישט פארשטיין; מ'דארף אייך קאָנען ליב האָבן, נישט בלויז אייך, אָט די, וואָס מ'זעט, נאָר די וואָס מ'זעט נישט, וואָס מ'פילט — די נשמה! אזוי ווי איך, מיין הארץ. ס'בעסטע וואלט געווען קיין אמעריקע פארן. א סך יידן זיינען דארט, מישט מען זיך אוים, גיסט מען זיך איבער...

**קוואַקע:** (אָנגעטון אין א גרין סאמעטן קלייד. מיט א ווייסן זיידענעם שאל אויף די אקסלען, טראגט א גרוים ליכט און א מחזור) ס'זעט? דאָ זיצט זי, די שמרניצע, גייסט טאקע נישט אין שול אריין?

**רייזל:** ניין!

**קוואקע:** (מער צו זיך) דאס יידישקייט וועט זי נישט אויסהאלטן, א שמדניצע... (שרייט אריין אין דער טיר) זשאפּע! עליא! מיידן, ברענגט אריין דאָס זאמד בלעכל, מיידן!

**רייזל:** (צום בלאָנדן) נו, שרייב, וואָס קלערסטו? שרייב צו, אז זיי זאָלן נישט פארגעסן אין דער מצבה, אז ס'וועט פעלן געלט, וועל איך נאָך שיקן; מ'זאָל פאָטאָגראַפירן דעם טאטנס קבר און מיר שיקן די פאָטאָגראפיע. געשריבן?

**בלאָנדער:** (שרייבט, שטעלט זיך אָפּ, קלערט און שרייבט וויטער) יא, געשריבן.

**די אַדעסערין:** (א קורץ און דיקלעך מיידל, געשוירן די האָר ווי ביי א יינגל, שטארק געפארבט דאָס פנים, אָנגעטון אין א ראָז קלייד



מיט ווייסן פוטער געפוצט, קומט אריין דורך דער טיר לינקס, טראָגט א בלעכל אָנגעפילט מיט זאמד) דאָ אָ וועט מען אָנצינדן דאָס ליכט, מאדאם?

**קוואָקע:** יאָ, דאָ, אויפן טיש, וועט עס לייכטן, זאָלן מיר האָבן א ליכטיק מזל, זיסער גאָט אין הימל! (שטעלט אוועק דאָס זאמד בלעכל מיטן אריינגעשטעלטן ליכט אויפן טיש) שמדניצע, מעגסט אויפהערן צו שרייבן, "יאָרן קיפּער" — דיין מאמע ווייגט דאָרט אצונדערט ביים לעכט בענטשן...

**רייזל:** קוואָקעלע, וואָש דיר אוים ס'מויל, איידער דו דערמאָנסט מיין מאמע, — שרייב לאנדסמאן!

**אַדעסערין:** דו גייסט טאקע נישט צום דאַווענען, רייזל? אזא הייליקער טאָג! אוי ווי איז מיר נים!

**רייזל:** כ'גאַנווע נישט און פאַסט נישט! — שרייב אונטער מיין נאָמען: פון מיר דיין טאָכטער רויזע.

**קוואָקע:** הער נאָר דו, קיגעלע, שוין גענוג דיר שרייבן, דאָ איז א יידישע שטוב.

**בלאָנדער:** (אין פארלעגנהייט צו רייזלען) וועל איך אָנשרייבן דעם אדרעס און אוועקטראָגן אויף דער פאסט, איידער מ'פארמאכט...

**רייזל:** אז דו ווילסט, יינגעלע, גיי, שפּעטער קום צו, אז דו ווילסט.

**קוואָקע:** היינט נישט, לאנדסמאן, ס'וועט זיין פארמאַכט.

**רייזל:** איך גיי נישט אין ערגעץ, קאָנסט קומען, אז דו ווילסט.

**בלאָנדער:** היינט וועל איך וואַנדערן איבער די שולן, איך וויים נישט נאָך וואָס, נאָר אין האלדז צאפּלט א ניגון. אזוי בין איך צוגעוואוינט. אין דער שעה פאר כל נדרי... דאָס שטעטל אונדזערס אין פּוילן...

**אַדעסערין:** ביי אונדז אין אָדעס איז מען געפאָרן אויף קאָטשן זיך געזעגענען מיט טאטע־מאמע און קרובים, מיט אלע האָט מען זיך איבערגעבעטן, מיט אלע.

**בלאָנדער:** דאָס הארץ ווערט איבערגעגאסן מיט א בענקשאפט. איר פילט גאָרנישט, ראָזא?

**רייזל:** וואָס איז דאָ וואָס צו פילן? גיי, מ'וועט פארמאכן די פּאָסט.

**קוואקע:** א געשמדטן האלדז האָט זי, זאָל זי פילן?

**בלאָנדער:** נו, גיי איך און וועל נאָך צוריקומען. (גייט ארוים מיטן בריוו אין האנט.)

**חלף:** (אָנגעטון אין א נייעם הארטן קאפּעלוש, א הארטן ווייסן קאָלנער מיט א ווייסן קראוואט אין וועלכן ס'בליצט ארוים א גרויסע

בריליאַנטענע שפּילקע. א פראַק און געלע שיך, — ער פילט זיך נישט שטאַרק באַקוועם אין דער הלבשה... טראָגט א פעקל קור־צע ליכט, א מחזור און א גרין טלית־זעקעלע. ר'קומט אַן פון דער גאַס־טיר) איז מען שוין פאַרטיק? ס'איז שפּעט, די צייט שטייט נישט די זון זעצט זיך שוין, א סוף, איז מען פאַרטיק?

קוואַקע: אַזאַ שמדניצע, וויל נישט גיין צו כל־נדרי!

חלף: וואָס אַרט דיך, קוואַקע, — מ'וועט דיך שמייסן פאַר אירע עבירות?

קוואַקע: הערזשע רייזל: אז דו ווילסט נישט גיין אין שול אַריין, זאָלסטו צושפּאַרן די טיר. אַדעסערין, זאָג זיי דאָרטן, דער רויטער און דער זשאַפּע, זיי מעגן נײַן שפּאַצירן, מ'וועט היינט גאַרנישט טון (אַדעסערין גייט אַרויס. ס'קומט אַן סטאַרע, אָנגעטאָן אין א ווייסן אַנצוג).

סטאַרע: בערנאַרדאַ, ס'איז שפּעט, אַלע זיינען שוין געפאָרן אין ישול. דער רבונו של עולם האָט אויסגעליידיקט דאָס "געהל", ווי ביי מיר די קעשענעס... ענג וועט זיין אין שול דעם אָטעם נישט צו כאַפּן הלואי העלפט מיר אַזוי גאָט מיט אַזעלכע "סבאָרן".

חלף: אויף וועמען וואַרט מען? אויף איר וואַרט מען? אז זי האָט גאָר קיין לעכט נישט געבענטשט.

סטאַרע: בענטש לעכט, קוואַקע, איך וועל א קוק טון אין דער ראָלע. כ'קאָן נאָך די פּראָזע נישט פון היינטיקן דאַוונען...

קוואַקע: נאָך דאָ צייט.

סטאַרע: ס'איז שוין דער צווייטער קלונג. וואָס זיצטו אַזוי וואַכע־דיק, רייזעלע?

רייזל: וואָס פאַר א יום־טוב איז אויף מיר?

סטאַרע: דו גייסט נישט?

קוואַקע. אין תומאה אַריין וועט זי גיין. ס'איז א שמדניצע! דער טאַ־טע וועט איר נאָך צו חלום קומען, וועט זי וואַרגן... א יידיש קינד זאָל נישט גיין צו כל־נדרי אין שול־אַריין? (די פראַנצויזין און די יאַפּאַנערין קומען אַן פון דער טיר פון לינקס, די פראַנצויזין — א דיקלעכע, א ווייכע אויפן פּנים מיט רויט־גאָלדענע געפאַרבטע האָר, אַרומגענומען מיט א גרינעם באַנד אויפן שטערן. אָנגעטאָן אין א גרין זיידן קלייד, גרינע שיך און זאָקן. די יאַפּאַנערין, א נידעריקע און א דינע, קרומע אייגעלעך. אָנגעטאָן אין א געבלומטן שלאַף־ראָק, שטעק־שיך, איז נישט צוגעקעמט. די אַדעסערין קומט מיט).



פראַנצויזין: מאַדאַם היינט איז א פּיעסטע?

קוואַקע: יאָ. די טיר זאָל זיין פאַרשלאָסן!

פראַנצויזין: (הענגט זיך אָן דער יאַפּאַנערין אויפן אַקסל און שפּרינגט אונטער) זשאַפּע, א פּיעסטע. וועט מען גיין אויף די אַוועניודע.

יאַפּאַנערין: ניין, ס'איז היינט דאָ א צירק.

פראַנצויזין: ניין, אין דער רולעטע. האָסט געלט?

אַדעסערין: קומט בעסער צו אונדז אין שול אַריין.

קוואַקע: וואָס וועלן זיי טון אין שול?

סטאַרע: זינגען, וועלן זיי הערן.

פראַנצויזין: ווי אין טעאַטער?

סטאַרע: נאָך בעסער. ס'איז דאָ א כאָר פון קליינע ייִנגעלעך. דו האָסט דאָך ליב צו הערן קליינע ייִנגעלעך זינגען?

יאַפּאַנערין: יאָ, יאָ, ס'איז דאָך דער קלוב, אַלע פון געסל זיינען געפאָרן, ווי שיין זיי זיינען געווען אָנגעטאָן!

פראַנצויזין: מען טאַנצט אויך?

חלף: א שוואַרץ יאָר אויף איר הויקער, טאַנצן גאָר...

סטאַרע: גייסטו טאַקע נישט, רייזעלע?

רייזל: ניין!

סטאַרע: וועט אָן דיר אויך זיין א מנין. אָבער אין טעאַטער אַריין וועסטו קומען מאָרגן?

רייזל: לאָמיר נאָר דערלעבן!

סטאַרע: איך אַליין ברענג דיר א לאָזשע, איינע אַליין וועסטו זיצן אין א לאָזשע, ווי א פּריצה, אויף מיר אַזאַ יאָר. ווען איך האָב אַזאַ ווייב, ווי דו, רייזל, מאַך איך אַמעריקע. די ערשטע דאַמע וואָלסטו ביי מיר געווען אין דער טרופּע, גיט א קוק א פיגור! ס'איז דאָך, א פּנים, דאָ עפּעס צו ווייזן אויף דער בינע. הערסט, רייזל, אין טעאַ־טער מעגסטו קומען, דרייסיק נומערן געזאַנג. ער מעג אויך קומען דיין בלאָנדער אַזוי פיל גוטע יאָרן מיר אַלע, וואָס זיינען דאָ, האָבן, וויפיל וויטישע ס'קומען, ווען איך שפּיל.

חלף: א בראַנד וואָלט איך זיי אַריינגעלאָזט, נישט אין טעאַטער. אַנור־מעלטן האָבן זיי, די וויטישע, געשפּילט א שטיק, וואָס איז מיר געפעלן. פאַרמאַך איך די קלייט, נעם ס'ווייב און טאָכטער און גיי צו. ביי דער טיר שטייט א סמאַרק — א פעקל־קלאַפּער און לאָזט מיך נישט אַריין. כ'האָב אים געוואָלט איינמעלדעווען, אז דאָס רויטע

דם זאָל זיך שפּריצן. נאָר ווערט ער ראָד געבראָכן. א קוואָרט בלוט ווען מ'צאַפּט פון מיר, וואָלט איך ליבערשט פארנומען. ס'איז דאָך מיר געווען א שאנד פארן קינד. וואס בין איך, א חברה־מאן? איך שטיי נישט מיט קיין קלייט? כ'בין נישט אזא שיינער ייד, ווי זיי? כ'בין נישט קיין קאָמערציאנט? האָסט עפּעס צו מיר — קאָן מען זיך פארהערן אין עברי; אָבער אז איך קום מיט א קינד, א טאָכטער — כ'האָב דען נישט באצאָלט פאר די בילעטן גלייך מיט אלע?

**קוואָקע:** ערגער ווי די גוים!

**אָדעסערין:** ביי אונדז אין אָדעס איז גאָר נישט געווען קיין חילוק, אז מ'האָט געשפּילט טעאטער, איז גאנץ מאָלדאוואנקע געגאנגען.

**חלף:** ווער זיינען זיי? באנק־קוועטשערס, מקוה־יידן, ווי ביי אונדז אין לאָדז? טפו, קלעק וואָלט איך אויף זיי געשפּיגן, ווען נישט מיין טאָכטער, קלעק וואָלט איך געשפּיגן!

**רייזל:** וואס האָסטו מורא פאר דער טאָכטער, זי וועט נישט קריגן קיין חתן?

**חלף:** פארוואס זאָל זי עפּעס נישט קריגן? א קאַליקע איז זי? זי וועט דאָך ביי מיר נישט זיין קיין בלאָטע!

**רייזל:** ס'פּאסט איר נישט?

**חלף:** וואס זאָגסטו! (לאָזט זיך צו איר מיט די פויסטן) די געהירן, די געהירן, שפּאָלט איך דיר, דו פארפוילטע, דו!... (סטארע רייסט אים אוועק פון איר).

**סטארע:** דאס איז דער ערב יום־כפור ביי דיר?

**חלף:** א כפרה, אזא בליאדע. מיין טאָכטער? אומעטום נעם איך זי מיט. פון אלצדינג ווייסט זי.

**קוואָקע:** א געלערנט קינד, זאָל איך מיר שוין האָבן אזא יאָר! לייענט און שרייבט אויף וואונדער צו קוקן.

**חלף:** אז כ'וועל נישט געפינען עפּעס א רעכטן חתן, בין איך א טאַטע און זי קאָן ביי מיר פארפוילט ווערן אן אלטע מויד!

**קוואָקע:** (צינדט דערווייל אָן דאס ליכט, נעמט צונויף די הענט פאר די אויגן. חלף מישט אויף דאס מחזורל און זאָגט מיט איר. זי זאָגט נאָך) — ברוך אתה ד' אליהנו...

**חלף:** אזא פארפוילטע, אזא. לאָמיר זיך אויסבעטן א גוט יאָר, א גליקלעך יאָר (וויל וויינען, שטאַרקט זיך. די קוואָקע וויינט שוין אויפן קול און קושט זיך מיט אלע).

**סטארע:** נאָר געזונט און פרנסה, — דאס איז דאָך דער עיקר ביים



מענטש.

**קוואָקע:** זאָלסט האָבן נחת פון דיין טאָכטער, בערנארד, זי זאָל שוין האָבן א בעסער מזל ווי מיר. (צו דער אָדעסערין) דו אויך, מיידל, גאָט זאָל דיר העלפן, זאָלסט א היים פאָרן, ווי דיין הארץ ווינטשט.

**אָדעסערין:** אמן!

(רייזל איז שווייגנדיק און פארטראכט. ס'קומען אריין: די פראנצויזין און יאפּאנערין, אָנגעטון צום שפּאציר. קוואָקע קושט זיך מיט זיי אויך).

**פראנצויזין:** מיר גייען שפּאצירן אז ס'איז א פּיעסטע. (גייען ביידע ארויס).

**חלף:** נאָך פאראן עליות צו פארקויפן, לאָמיר גיין! לאָמיר גיין! (גייען ארויס, מיטנעמענדיק די טליתימלעך, נישט אָנגעצונדענע ליכט און מחזורימלעך. רייזל בלייבט זיצן אויפן טיש פארטראכט צום ליכט. דאס פּנים ווערט בלאס, די אויגן אָנגעפילט מיט טרערן: ענדלעך גיט זי א פּראל אוים אין א געוויין, וויינט הויך און לאנג, צורעסנדיק איר שטערן צום טיש, איבער וועלכן עס טאנצט דאס נאָר וואס אָנגעצונדענע פייערל. דאס הינטעלע באהאלט זיך אין א ווינקל. די פראנצויזין און יאפּאנערין קומען צוריק אריין מיט געלעכטער, נאָר זעענדיק רייזלען וויינען, בלייבן זיי שטיין דערשטוינט און דערשראָקן)

**פראנצויזין:** וואס וויינסטו, ראזיניא?

**יאפּאנערין:** ס'איז א פּיעסטע ביי זיי, ביי די רוסאָס, וויינט מען.

**פראנצויזין:** א פּיעסטע, נו, דארף מען וויינען? דארף מען דאָך טאנצן מאכן א באילע... (לאָזט זיך אליין אין א טענצל)

**יאפּאנערין:** אפשר איז אזא יום טוב, וואס מען וויינט? זעסט דאָך, ס'ברענען ליכט.

**פראנצויזין:** ס'איז אייער "דיא דאס פינאדאס"? מ'גייט צו די טויטע? אין פּאריז וויינט מען נישט, אפילו די מאמע שטארבט, וויינט מען נישט. (לאָזט זיך ווידער אליין אין א טענצל און זינגט זיך אונטער:

"אָ פּאריז
אָ פּאריז! — — —"

(פויזע. פארקוקט זיך צום ליכט, שווייגט.) ראזיניא, ס'מוז זיין גוט צו וויינען, ס'ווערט גרינגר ביים הארץ?

**רייזל:** גרינגר? אז ס'איז דאָ פאר וועמען צו וויינען...

פראנצויזין: איך האָב פאַר וועמען, זעסט? א קרוז! (נעמט ארויס פון בוזעם א ברילִיאַנטענעם צלם אָנגעהאנגען אויף א שנירל) איך גיי אין קירכע, גיי צום גלח. נאָר ווײַנען קאָן איך נישט. ער איז מיר אזוי אויך מוחל, דער פּאַדרע, אזא גוטער. (זינגט זיך טאַנצנדיק)

אָ פּאַריז,

אָ פּאַריז — — —!

(אין דעם מאָמענט הערט זיך שפּילן הינטערן פענסטער א סערענאַדע באַגלייט פון גיטאַרעס און מאַנדאָלין. די טענער מיט טרויער. די פראנצויזין און יאַפּאַנערין שטעלן זיך אויפן הויכן בענקל, איינס דאָס אַנדערע האַלט ארומגענומען און קוקן ארויס דורך די לאָדן־שפּאַרעס. רייזל בלייבט זיצן אויפן טיש נאָנט פון ליכט און פארטראַכט זיך. די ווערטער פון דער סערענאַדע גיסן זיך קלאָר.)

...עס לעשט זיך ס'צעגאָסענע גאָלד אויף די שויבן,
עס צינדן זיך אָן די מאַט־ווייסע לאַמטערן:
עס זילבערט אראָפּ די לבנה פון אויבן —
עס ציטערן שטראַלן אין בליץ פון די שטערן.

נאָר דו האַלטסט דיין פּנים אין חושך געטוליעט,
און טונקסט דיינע בליקן אין פינצטערע פאַרבן:
קום ס'האָט זיך מיין יונג־בלוט אין מיר היים צעהוליעט,
קום, איידער די קלאַנגען אויף מיינע הענט שטאַרבן!
עס לעשט זיך ס'צעגאָסענע גאָלד אויף די שויבן,
עס ציטערן שטראַלן אין בליץ פון די שטערן.
עס בענקט מיין גיטאַרע, ווי ס'וואָרקן פון טויבן —
עס ציטערט מיין קול, ווי געבאָרן אין טרערן.

מאָ רייס אויף די אויגן, מיין זיסע געטרוימטע,
די נאַכט רופט מיט טויזנט צעצונדענע פאַרבן:
קום, ס'זינגען די גאַסן צעטאַנצטע, צעשוימטע,
און ס'לאַכט אין סקעלעט דער צעפאַלענער שאַרבן...

די נאַכט רופט מיט טויזנט צעצונדענע פאַרבן,
און איך — מיט מיין ליבע, מיין האַרץ, און בוונה:
קום ס'וועט זיך דיין פּנים ס'צעקנייטשטע אין קאַרבן
אָנגיסן מיט שיין פון דער בלייכער לבנה...

— — — — — — — — — — — — — — —



פראנצויזין: אָ, ווי שיין!

יאַפּאַנערין: ס'איז א שפּאַנישער מאַטראָז און נאָך צוויי וואַגאַ־בונדן. זע, זיי קלאַפּן אין דער טיר!

יאַפּאַנערין: זיי רייסן זיך אריין! (הינטערן פענצטער הערט זיך א גראָב און שכור לאַכן, מען קלאַפּט אין פענצטער און מ'רייסט אין דער טיר.)

פראנצויזין: לאָז ניט אריין, אז די מאַדאַם האָט פארווערט, א סאַנ־טא דיאַ! (די טיר ווערט אויפגעריסן. דריי מאַטראָזן פּאַקן זיך אריין — איינער טראָגט א מאַנדאָלין צוויי — גיטאַרעס.ביידע מיידלעך פארשטעלן זיי דעם וועג)

יאַפּאַנערין: היינט נישט, יינגלעך, היינט נישט!

1־טער מאַטראָז: וואָס עפּעס נישט? מיר מאַכן נישט קיין אוואַנ־טורעס. (רייסט זיך דורך)

פראנצויזין: (פארהאַלט די איבעריקע צוויי דעם וועג) וואָס קריכט איר, אז מען זאָגט אייך: היינט נישט!

2טער מאַטראָז: ביזט רויטער ווײַן!

3טער מאַטראָז: פון ריינעם גאָלד, מיר ווילן נאָר קוקן. (ביידע ריי־סן זיך דורך)

פראנצויזין: א סאַנטא דיאַ איז, וואָס שטופּט איר זיך?

2טער מאַטראָז: א ליכט! קאַנדעליאַברעס, וואו איז דער גע־שטאָרבענער?

3טער מאַטראָז: וועט מען ברענגען בלומען!

פראנצויזין: ס'איז קיינער נישט געשטאָרבן, א סאַנטא דיאַ איז דאָ היינט, א פיעסטע אזאַ. (שטויסט זיי) נו, גייט אייך!

רייזל: זאָלן זיי בלייבן! וואָס פאַר א יום טוב? איר האָט עס גע־שפּילט און געזונגען?

1טער מאַטראָז: מיר. אן אמתע קאַסטיליאַנער סערענאַטע.

פראנצויזין: אָ, ווי סענטימענטאַל!

2טער מאַטראָז: (קוקט מיט אן אויגל צו דער טאַץ מיט די ליידי־קע גלעזלעך) סענטעמענטאַל... מען פאָרט גאַנצע יאָרן אויפן אָקע־אַן, די כוואַליעס פּאַטשן אין די סטאָלענע ווענט. די שטריק פון די מאַסטן זיינען אָנגעצויגן און ציטערן ווי סטרונעס אין א באַס, וואָס איז מיר סענטימענטאַל? לאָמיר בעסער סערווירן א קאָניאַק.

פראנצויזין: היינט נישט, ס'איז א סאַנטא דיאַ.

2טער מאַטראָז: ווען דען? מאָרגן פאָרט מען שוין אוועק.

רייזל: זשאפע, דו ווייסט דאָך, וואו די מאדאם האָט די געטראנקען?
יאפאנערין: כ׳ווייס.
רייזל: ברענג זעקס גלעזלעך.
2טער מאטראָז: גרויסע טאָפּעלע!
(יאפאנערין נעמט די טאַץ, גייט ארויס)
רייזל: היינט געקומען?
1טער מאטראָז: היינט מיט דער ״קארוניא״, א מולטער איז עס, נישט קיין שיף, דרייסיק טעג שלעפּט עס זיך פון שפאניע. (יאפּאַ־נערין קומט אריין מיט דער טאַץ, אויף וועלכער עס שטייען זעקס אָנגעגאָסענע גלעזלעך, יעדער נעמט צו איינס.)
פראנצויזין: סאלוט!
1טער מאטראָז: וויוו לאַ פראַנס!
אלע: וויווא!!! (טרינקען)
1טער מאטראָז: (כאפּט רייזלען צו זיך אין שויס) ביזט אזא שיינע.
רייזל: כ׳געפעל דיר?
יאפאנערין: לאָמיר טאנצן! איר קאָנט שפּילן אויף פּיאנע?
3טער מאטראָז: איך קאָן, בין פּיאניסט פון ערשטן קלאַס. (זעצט זיך צו דער פּיאנע, פּרואווט זי אויס)
2טער מאטראָז: לאָמיר איבערחזרן מיט נאָך א קאָניאק!
פראנצויזין: ניין, יונגער. דאָ טאָר מען נישט שיכורן, אנו, שפּיל:
אַ פּאַריז
אַ פּאַריז! — — —
(כאפּט טאנצן דעם צווייטן מאַטראָז)
3טער מאטראָז: א פאקס־טראט. (טאנצט מיט רייזלען, מאַכן פאר־שידענע הועיות ביים טאנצן, די יאפּאנערין טאנצט אליין מיטן הינטעלע)
3טער מאטראָז: באַסטא, באסטא, באסטא! (הערט אויף שפּילן, הערט מען אויף טאנצן).
1טער מאטראָז: (זעצט ווידער רייזלען אויף זיין שויס) אז דו ווילסט, קאָנסטו מיטפאָרן קיין בוענאָס איירעס. ס׳וועט דיר גאָר נישט קאָסטן.
רייזל: א דאנק דיר, קאמפּאניערא, ס׳איז מיר דאָ אויך נישט שלעכט.
(די פראנצויזין פארדרייכערט א ציגארעט, בלאָזט דעם רויך דעם הינ־טל אין אויער אריין)



1טער מאטראָז: (קעמט רייזלס האָר מיט זיינע פינגער) אויף מיין וואָרט, איך נעם דיך מיט קיין שפּאניען, דער קעניג אלפאנסא וועט זיך אין דיר איינליבן, אויף מיין וואָרט.
רייזל: א דאנק. ס׳איז מיר דאָ אויך נישט שלעכט. כ׳בין דען נישט קיין קעניגין?
1טער מאטראָז: נאָך בעסער.
רייזל: וואָס האָסטו דאָ אין קעשענע? א רעוואָלווער?
1טער מאטראָז: (נעמט ארויס פון קעשענע א רעוואָלווער) יאָ, א רעוואָלווער איז עס.
רייזל: אנו, ווייז. (נעמט דעם רעוואָלווער אין האנט) ר׳איז אָנגעלאָדן? (באטראכט עס)
1טער מאטראָז: יאָ, אָנגעלאָדן.
רייזל: אז מ׳וויל שיסן, גיט מען דאָ א צי?
1טער מאטראָז: יאָ, ביי דעם צינגל גיט מען א צי.
פראנצויזין: ראזיניא, לייגט אוועק דעם געווער. איר ווייסט נישט, סעניאָר, אז דאָ טאָר מען נישט אריינקומען מיט געווער?
1טער מאטראָז: איך צעשייד זיך קיינמאָל נישט מיט דעם. אין מאַ־ראָקע בין איך שוין געוועזן מיט דעם רעוואָלווער.
פראנצויזין: אז איר צעשיידט זיך נישט מיטן רעוואָלווער, טאָ צעשיידט זיך מיט אונדז, באצאָלט פארן געטראנק און גייט ארויס!
1טער מאטראָז: (סטראשעט מיטן רעוואָלווער, צילט זיך צו דער פראנצויזין) היינט באצאָלט מען נישט, אז ס׳איז א פיעסטע. — קומט, קאָמפּאניעראָס!
פראנצויזין: איר וועט יאָ באצאָלן, יונגען. זשאפע, גיי רוף א פּאָליציסט.
1טער מאטראָז: כאַ־כאַ־כאַ! א פּאָליציסט! איך בין א מארינעראָ פון קייזערלעכן פלאָט.
2טער מאטראָז: מיר מאכן נישט קיין אווענטורעס. איך לאַד איין אין קלוב טאנצן.
פראנצויזין: צום ערשט באצאָלט פארן קאָניאק.
1טער מאטראָז: קאָניאק?... א ביסל רייסנדיקע קאפע, איך קאָן זיך שוין אויף דעם...
2טער מאטראָז: וויפיל קומט?
פראנצויזין: צוועלף טאָלער.
2טער מאטראָז: נאט אייך פופצן, אויף קאפע פאר די באלעבאָס־

טע, אויב זי איז נישט געפגרט. מיר זיינען נישט קיין אוואנטורניקעס.

1טער מאַטראָז: איך וואָלט נישט באצאָלט, אז מען באליידיקט א מאַטראָז פון שפּאנישן פלאָט... אין מאָנטעווידעא האָט מען זיך גע־שאָסן אין די גאסן פאר אַזאַ זאַך...

2טער מאַטראָז: (כאפּט רייזלען, קושט זי) אָט פאר איר צאָל איך א גוטע וועטשערע אין קלוב. א גאנצע נאכט מוז זי טאנצן מיט מיר.

יאַפּאַנערין: איך גיי נישט, כ'מוז דאָ אין הויז בלייבן.

2טער מאַטראָז: איז אָן דיר, נאַ, נאַ דיר נאָך א פינפערל (גיט איר א פּאַפּירל) וועסטו האָבן אויף באָנבאָנעס.

פראנצויזין: דו גייסט מיט די וואגאבונדן, ראזיניא?

רייזל: יאָ, (טוען זיך אָן היט און ווייסע פוטערנע קאָלנערס. פּלוצ־לונג — א לייכטער קלאַפּ אין טיר, און ס'קומט אריין דר. סילווא, אָנגעטון אין העל־קרעם־אנצוג.)

רייזל: (עפּעס ווי פארלוירן) אָ — — — סעניאָר! — זשאפּע, טו זיך אָן, גיי דו מיט זיי. איך וועל דאָ בלייבן מיט דעם סעניאָר.

2טער מאַטראָז: איז אָן דיר. קאנאליע! א סאנטא־דיא איז היינט... גנבישע שטיקלעך, (כאפּט די פראנצויזין) צאָל איך דיר שאַמפּאַ־ניער, ביזט רויטער וויין, גאָלדענער וויין! (די פראַנצויזין און יאַ־פּאנערין שמייכלען זיך איבער ווינקענדיק אויף רייזלען, יאַפּאַנערין טוט זיך אָן, אלע גייען ארויס, דער 2־טער מאַטראָז בורטשעט אונטער)

רייזל: ...זיצט דאָקטאָר. כ'האָב נישט גערעכנט, אַז איר וועט היינט קומען, (טוט זיך אויס דעם הוט און שפּילט זיך מיטן טויטן חיה־קעפּל פונם קאָלנער) א קאָניאַק וועט איר טרינקען?

סילווא: ניין, א דאנק. און איך האָב נישט גערינכט זיך אייך דאָ צו טרעפן, דאָנא ראזיטא.

רייזל: פארוואָס?

סילווא: ס'איז א הייליקער טאָג ביי אייך.

רייזל: איר ווייסט עס?

סילווא: "דיא דע פּארדאָן" — כ'בין זיכער געווען, דאָנא ראזיטא, אז כ'וועל אייך היינט ניט טרעפן; בין איך אוועק אין אייער קלוב, אין סינאגאָגע. האָט מיר אייער פּאטראָנא געזאָגט: איר זיינט נישט געקומען. איר בעט נישט, דאָנא ראזיטא?

רייזל: ניין!



סילווא: ס'איז הערלעך דאָרטן... א וועלט פון לויטער הייליקייט: ליכט, טרערן און יאָמער.

רייזל: (שווייגט, פויזע).

סילווא: נאָך קיינמאָל האָט מיך נישט ארומגענומען אזא געפיל פון צארטקייט און רחמנות. א וואונדערלעכע וועלט אין אייער סינאַ־גאָגע... די מיידלעך, די פרויען — ווייסע, ווי מלאכים. אָך, דאָס וויינען!... שטיקער הארץ רייסט עס מיט. ביי אונדז א יום־טוב — פארברענגט מען אין די קלובן ביי שאמפּאניער און טענץ. און דאָ — אזא ווייסקייט, אזא הייליקייט. ליכט און טרערן — נאָר... איר זיינט צעטראָגן און בלייך. איר האָט יאָ געדארפט גיין. עס קילט און גלעט דער נשמה מיט אזא שטילער ווייכקייט. — — —

רייזל: איך האָב נישט וואָס צו טון דאָרטן: ס'איז מיר דאָ אויך נישט שלעכט

סילווא: ס'איז אָבער דאָ א גאָט. ס'איז זיכער דאָ א גאָט, וואָס באַ־ווייזט זיך צווישן געפּייניקטע און באליידיקטע. אָט וויינט מען דאָך דאָרטן. וואָס זיינען טרערן? א צעשמעלצונג פון גאָטס אָטעם, דער־פאר ווערט גרינג, ווען מען וויינט זיך אָפּ.

רייזל: יאָ. איך האָב טאקע אויך ערשט געוויינט דאָ ביים ליכט, כ'האָב זיך דערמאָנט אין מיין מאמען, אָבער ס'איז גאָרנישט גרינגער געוואָרן. — — — — — — —

דר. סילווא: ...אָבער אנטשולדיקט, דאנא ראזיטא, איך לאָז אייך נישט אויסריידן... איך בין איצט געקומען, איר זאָלט באשליסן וועגן דעם וואָס מיר האָבן גערעדט... איר פארשטייט, ווען איר שטימט איין מיט מיר צו גיין וואוינען...

רייזל: אויף "לינק"?

דר. סילווא: נישט אזוי ווי זיי... ווי די אנדערע, נאָר אויף אָן אמת, אלס מיינע. ביי מיר אין הויז. ס'וואָלט פאר מיר געווען א גרויס גליק, א נאָר גרויס גליק!

רייזל: (צעלאכט זיך היסטעריש).

דר. סילווא: כ'בין אפשר נישט אין די יאָרן, וואָס איך זאָל קאָנען מיינע געפילן זאָגן פּאָעטישער, אָבער טיף דאָ...

רייזל: (לאכט אלץ).

דר. סילווא: בארואיק זיך, טאָכטער, זעץ דיך, (זעצט זי מיט גע־וואלד אנידער אויף א שטול, ער שפּאנט הין און צוריק איבערן זאַל)

**רייזל:** יאָ, דאָקטאָר, איר פארשטייט... ס'איז שווער אָנצונעמען... איר ווילט טון א גוטע זאך... (צעלאכט זיך ווידער)

**דר. סילווא:** ראזיטא — — —

**רייזל:** מיך ארויסנעמען. איר מיינט ס'איז שווער אליין ארויסצוגיין? מ'גייט אוועק און פארטיק. ווער וועט מיך טשעפּן? אָבער ס'איז שווער צו וועלן. א גוטע זאך ווילט איר טון, איר פארשטייט (די שטים שטיקט זיך, פארגייט זיך אין א געוויין.)

**דר. סילווא:** אָרעמע! (גלעט איר קאָפּ) אָרעמע! ס'וועט זיין מיין מיר פריי פאר דיר ווי מיין הארץ. דיין אדויסגיין ווי דיין אריינקום.

**רייזל:** איך בין א יידישע, נישט קיין "רוסא" און נישט קיין "פּאָלאקא". נאָר א יידישע...

**דר. סילווא:** איך ווייס. פון אזא געהייליקטער אין זינד, ווי דו, איז יעזוס געבוירן געוואָרן... דו ווערסט איבערגעגאָסן פון איין פאָרם אין אַן אנדערע, דיין הארץ איז פריי פאר די פארלאנגן פון דיין נשמה.

**רייזל:** גיי איך, דאָקטאָר! איך קאָן שוין מער נישט נארן מיין מאַמען, נו, דאָקטאָר מיין מאַמען וועל איך אויך קאָנען ברענגען?

**דר. סילווא:** נו, געווים.

**רייזל:** נו, גיי איך, (וויל קושן זיינע הענט, ער לאָזט נישט; פאלט זי אויף די קניען, ווארפט איר קאָפּ אין זיין שויס און וויינט)

**דר. סילווא:** אָרעמע, אָרעמע, פון אזאַ געהייליקטער אין זינד איז אויך יעזוס געבוירן געוואָרן. און אַז דו ווילסט, קאָנסטו נאָך היינט גיין מיט מיר, נאָך אצונד אז דו ווילסט.

**רייזל:** יאָ, איך גיי, שוין גיי איך (וויל נאָכאמאָל קושן זיינע הענט, לאָזט ער נישט, טוט זי זיך אָן דעם הוט, קומען אָן די יאפּאנערין און פראנצויזין)

**פראנצויזין:** וואוהין דאָס?

**רייזל:** זאָלסט זאָגן דער מאַדאָם, אז איך דארף זי פאר א כפּרה... איך גיי וואוינען מיטן דר. סילווא, כ'וועל שוין מער נישט קומען. מיינע זאכן מעג זיך נעמען די רוסאַ. די וועש, די קליידלעך, כ'דארף אלץ אויף כפּרות... דו, עליא נעם "ליליע'ן", (רופט) לילי! ("לילי" קומט צולויפן, כאפּט זי עם און גיט עם דער פראצויזין) זאָלסט עם וואַשן און באָדן. און קעמען אויך!

**יאפּאנערין:** ראזאלא! (ווארפט זיך ארויף אויף רייזלס האלדז, וויינט און קושט איר... דאָס אייגענע טוט די פראנצויזין, דר. סילוויא פירט



ארויס רייזלען אונטערן אָרעם,ביידע מיידלעך לויפן צו צום פענצטער, עפענען אויף די לאָדנס און שרייען ארויס: אדיאָס! אדיאָס!)

**פראנצויזין:** אזא שווארצער רוח, אזאַ מיאוסע זאך...

**יאפּאנערין.** ר'איז א רייכער מאן, וועט זי האָבן א סך בריליאנטן!... (שרייען) אדיאָס! אדיאָס!

(דורך די אָפענע פענצטער פראלט אריין א זשומעריי פונם געסל, טענער פון אויטאָמאַטישן שפּיל־קאסטן, פון קענגאיבער אין קאפע־הויז, א רויש און שושקן פון שטימען, און פון ערגעץ ביי אַן אנדער פענצטער הערט זיך זינגען די פריערדיקע סערענאדע, אָבער אָפּגעריסן און צעפּיצלט. — די מיידלעך לאכן הויך און טרוקן אין "געסל" אריין און זינגען מיט)

...טאָ רייס אויף די אויגן, מיין זיסע געטרוימטע, —
די נאכט רופט מיט טויזנט צעצונדענע פארבן:
קום ס'זינגען די גאסן צעטאנצטע, צעשוימטע
און ס'לאכט אין סקעלעט דער צעפאלענער שארבן!

— — — — — — — — — — — — — — —

(פאָרהאנג)



# צ ו ו י י ט ע ר  א ק ט

אין דער וואוינונג פון ד״ר סילווא. — א סאלאן, גרויסע און אסך בילדער אויף די ווענט. גלייך צוויי פענצטער צו דער גאס. פארנאכט. די לעצטע טאג־שיין לעשט זיך אוים אויף די שויבן. ד״ר סילווא אנגעטון ווי צום אוועקגיין. ארום אים ביידע דע־לעגאטן, בכבודיקע יידן: איינער מיט א ברייטער בארד, איי־נער בלויז מיט וואנסעס.. דער בלאנדער שפאנט ארום אי־בערן זאל  הין און צוריק כאפט א ווארט און  גייט ווידער.

ע ר ש ט ע ר  ד ע ל ע ג א ט : נישטא קיין אנדער דאגה, מיר בויען זיך דא, מיר זיינען געקומען זיך באבויען, וויל מען זיי נישט פאר שכנים, — קומט עפעס דערפאר?

צ ו ו י י ט ע ר  ד ע ל ע ג א ט : ווי א צרעת האבן זיי זיך צוגעקלעפט צו אונדזערע גופים. אונדזער גאס אווירט פון זייער אטעם וויל מען זיך אפרייניקן.

ע ר ש ט ע ר  ד ע ל ע ג א ט : קומט עפעס דערפאר?

צ ו ו י י ט ע ר  ד ע ל ע ג א ט : יידן זיינען זיי? איזראעליטן? מיר וויסן גארנישט נישט מיר קענען אזעלכע יידן!

ע ר ש ט ע ר  ד ע ל ע ג א ט : מאכן צערעמאניעס גייען מיט די ספרי תורות אונטער חופה שטאנגען איבער די גאסן, וואס זאגט מען:

— ״די יידן!״

ע ר ש ט ע ר  ד ע ל ע ג א ט : מירן אייך צוהעלפן, דאקטאר, זאל ארוים א גזירה און מירן אויך אונטערהאלטן; מיר ווילן זיך נישט איינ־שווארצן. קומט עפעס דערפאר?

צווייטער דעלעגאט: זיי זיינען נישט קיין יידן, מיר וויסן נישט פון אזוינע יידן, מעגן זיי גיין מיט ספרי תורות אין די גאסן מעגן זיי בויען אן אייגענעם בית עלמין, אייגענע שולן האבן — קיין יידן זיינען זיי נישט.

דר. סילווא: זיינען זיי יא יידן, זיינען זיי נישט יידן, נו, סעניארעס, דעם קאנגרעס גייט עס נישט אן, זיי זיינען ווי א שווארצע קללה אויף אונדזער יונג גאלדיק לאנד, זאלן זיי זיין גרעקן, פראנצויזן, יידן, — די באוואוינער פון דאנען זיינען אזוי פארביק, ווי פארנאכט דער הימל איבער די בערג פון סאנטא טערעזא, און זאל עמיץ פון דער צונויפגעמישטער מאסע מיט איין פינטל וועלן פארטונקלען אונדזער הערב — דעם גלאבוס, דאן וועט ער געשטראפט ווערן מיט אלע גרויזאמקייטן וואס וואוינען אין די שורות פונם געזעץ.

בלאנדער. הער דעפוטאט! אייך און דעם געזעץ גייט עס נישט אזוי שטארק אן, פון וועלכן אפשטאם עס בויען זיך דא די ראבן. טיילמאל איז דער געזעץ אזוי הארט און טרוקן, אז נישט האס און נישט רחמנות קאנען עטוואס אין אים צעשמעלצן; טיילמאל אבער איז ער אזוי מילד און גערעכטיק, אז ס'ווילט זיך אויף אים צעגליטן אייזן גיסן — שטארקער און הארטער צו מאכן. הער דעפוטאט! מיר זיינען געוויילט פון אן עדה, פון א קיבוץ, וואס וויל מיט ביידע פיס זיך דא אין לאנד אוועקשטעלן, ווילן זיך דא באבויען און באזעצן. איר קאנט אונדז נישט פארגלייכן צו פראנצויזן, צו גרעקן; זיי זיינען אסך, זיי זיינען ברייט אין לעבן. אונדזער עדה איז אומעטום צונויפגעטוליעט, אומעטום צונויפגעבונדן, מיר זיינען א מאסן־קנויל, וואס קאלערט זיך בארג ארויף, אדער בארג אראפ צוזאמען. דעריבער דערפילן מיר די קלענסטע סכנה, וואס וואקסט אויס פאר אונדז. יידן אליין מוזן זיך היטן, ווייל פון אינווייניק און אויסווייניק לויערט תמיד עפעס פאר אונדז, מוז מען געווארנט זיין און גרייט זיך צו שיצן!

ערשטער דעלעגאט: אין די צייטונגען זיינען געווען געדרוקט בילדער, ווי זיי דאווענען אין טליתים יום־כפור. מיינען דאך די "היזיקע", אז זיי זיינען דאס אלע יידן... אין דער אמתן איז דאס דאך טמא, זייער שול זייער אלץ, ווייל מען זיך דערווייטערן, זיי אפשטויסן. קומט עפעס דערפאר?

דר. סילווא: סעניארעס דעלעגאטן! נישט פון אייך בין איך בא־



וואוינגן דערצו, נאר פון אן אינערלעכן אנזאג. מארגן ווערט מיין געזעץ דעם קאנגרעס פארגעלייגט. מען קאן אים אננעמען, און מען קאן אים אפווארפן. ס'איז געווענדט, אויף וועמענס געוויסן עס טאגט די גערעכטיקייט; אבער שטענדיק וועל איך זיין איינער פון די, וואס וועט אויפהויבן מיין קול, — מיין יונג־גאלדיג לאנד, מיין אלטע פרייע היים פון די אנגעפלויגענע ראבן צו היטן. (עס באווייזט זיך דער פארטיער) און איצט וועט איר מיר מוחל זיין, מעןווארט אויף מיר אין דער קאנגרעס־קאמיסיע, און פאר אייער עולם וועל איךריידן. יא. כ'וועל באשטימט ריידן (גיט זיי די האנט. ביידע דעלעגאטן גיבן אים די הענט. גייען ארויס.)

דר. סילווא: איצט, מיין יונגער פריינט, אפשר וועסטו נאך באווייזן זיי ביים פארט צו טרעפן. איך האב שוין ביי דאנא ראזיטא פארצייונג געבעטן, אייל זיך, אפשר זיינען זיי נאך ביים פארט. (גייט ארויס. מיט אים גייט נאך דער בלאנדער. באלד קומט אריין דער פארטיער עפנט די טיר פאר צוויי דאמען, די פרעזידענטין און וויצע, וועלכע קומען אריין רייך, אבער אן געשמאק געקליידעט.)

פארטיער: די מאדאם וועט אוודאי באלד קומען, זיי זיינען אוועק צו דער שיף, איר מאמע און פאמיליע זיינען געקומען פון איראפע.

ערשטע דאמע: אזוי!

צווייטע דאמע: איר פאמיליע? איז די שיף שוין אריינגעקומען?

פארטיער: יא, מען האט טעלעפאנירט, מ'רעכנט אז זיי פארן שוין.

ערשטע דאמע: גוט, וועלן מירווארטן (פארטיער נייגט זיך, גייט ארויס).

צווייטע דאמע: א יידישע נשמה קאן מען נישט שאצן: נעמט אראפ ארעמע קרובים — מן הסתם יידישע מענטשן, פרומע.

ערשטע דאמע: וואס דען, קרוין? א קינד איז נישט קיין הונט (קוקט זיך ארום) אזא עשירות. אז גאט העלפט, מען נעמט אראפ משפחה אין אזא הייט איז אוודאי גוט.

ערשטע דאמע: פאר וואס נישט? אז מ'האט אזא מאן? אוודאי געווען א דינסטמיידל, אדער אזוי זיך ארומגעשלעפט...

צווייטע דאמע: די מענער זאגן טאקע: מ'לאכט... ביי גוים טרעפט זיך. א ייד וואלט זי נישט גענומען, — דאכט זיך, מ'גייט.

ערשטע דאמע: אזא פראסטע, זי קאן זיך אפילו נישט אונטערשרייבן אויף יידיש...

צווייטע דאַמע: ווען מען מאַכט זי פּרעזידענטין אין פרויען־פאַריין אָן אייגענעם הויז וואָלט זי אויפגעשטעלט...

(דורך דער פאָרהאַנג־טיר הערט זיך אַסך שטימען, טריט, שלעפּן פון קאַסטנס.)

רייזל: (הינטער דער טיר) שרעק דיך נישט, מאַמע, אַלץ וועט מען אַרויפברענגען. קום דערווייל דאָ אַריין. (עפנט די טיר. רייזלס מוטער קומט מיט איר, אין אַן אַלטפּרענקיש קלייד, דער קאָפּ פאַרוויקלט אין אַ טונקל שאַלעכל, אַ קליין דאַר יידענעלע, מיט אַן אַרויסגעשטאַרצט געמבעלע, אַ מויל אָן ציין. רייזלס ברודער, אַ פּראָווינציעלער. ביטרע אויגעלעך, אַ קיילעכדיק שוואַרץ בערדל.) דאָ וועסטו זיך אָפּרוען, מאַמע, אומעטום. דאָ וואוין איך, ס'איז דיינס, מעגסט זיצן וואו דו ווילסט (דערזעט די דאַמען) אַך, זייט מיר מוחל, אייך נישט באַמערקט (גיט זיי די האַנט) איר וואַרט שוין לאַנג?

ערשטע דאַמע: ניין, אָבער מיר האָבן געוואָלט אַוועקגיין.

רייזל: (טוט זיך אויס דעם מאַנטל און הוט) אַנטשולדיקט, איר זעט דאָך, וואָס פאַר אַ טאָג ס'איז ביי מיר, אַ יום טוב!

צווייטע דאַמע: אַז מען דערלעבט אַזאַ נחת. אַ קלייניקייט, מען ברענגט אַראָפּ פאַמיליע.

רייזל: ס'איז אַ טעאַטער אויף בילעטן: איך שיק זיי שיפסקאַרטן 2־טע קלאַס, שיק געלט, אוצרות, אַן אַלט מענטש, וואָס זאָל זי זיך פּלאָגן אין אַזאַ ווייטן וועג? אַוודאי! טרעף איך ביידע גרינע אין דריטן קלאַס אין אַ ווינקל און עסן ברויט מיט באַנאַנעס...

פּעסעלע: כ'האָב נאָך אויף מיין לעבן נישט פאַרזוכט קיין טרפות, זאָל איך זיין צווישן גוים? אַ וועג קומט מען איבער, נישט אַזוי, לייזער?

לייזער: איך ווייס? ס'איז דאָך אַמעריקע...

פּעסעלע: אומעטום איז דאָ אַ גאָט, אין אַמעריקע איז דען נישטאָ קיין אויבן?

ערשטע דאַמע: אומעטום זיינען דאָ יידן, צו גאָט און צו לייט, אַז מען וויל זיין פרום, קאָן מען אומעטום אויספירן.

רייזל: זעסט, מאַמע, די פרויען זיינען פון אַ הילפס־פאַריין, פון אַ יידישן פאַריין.

צווייטע דאַמע: מען טיילט צדקה פאַר געמיינע לייט, פאַר אָרעמע.



פּעסעלע: אין אַמעריקע איז אויך דאָ אָרעמע־לייט?

לייזער: אומעטום איז דאָ אָרעמע־לייט, געמיינע לייט, אַרבעטאָרערס.

ערשטע דאַמע: הלוואַי וואָלט אַזוי נישט געווען, ווי ס'איז דאָ.

פּעסעלע: (קוקט זיך אַרום) קיין עין הרע אַ שיינקייט, דער טאַטע וואָלט דאָס דערלעבט, ווינד איז מיר, אַזאַ נחת. (וויינט, רייזל ווישט זיך די פייכטע אויגן)

צווייטע דאַמע: נאַרעש מענטש, פאַרן טויט קען מען זיך אין ערגעץ נישט באַוואָרענען, מען שטעלט שוין דאָ אויך אַ יידיש בית עולם איז אַ סימן, אַז מען דאַרף.

רייזל: וויין נישט מאַמע, ס'וועט דיר גאָרנישט פעלן, ס'וועט קיינעם גאָרנישט פעלן, מ'וועט געבן צדקה פאַרן טאַטנס נשמה, וועט ער האָבן אַ ליכטיקן גן עדן, סעניאָרא! פאַרשרייבט די מאַמען פאַר אַ "סאָסיע" און גיב איינשרייב־געלט טויזנט טאָלער (זי נעמט אַרויס פון בייטעלע געלט, גיט די דאַמען)

פּעסעלע: פאַר וואָס זאָל מען מיך עפּעס פאַרשרייבן סאָסיע, כ'הייס דאָך פּעסיל, שעמסט זיך מיטן נאָמען? (מ'לאַכט)

רעייזל: ניין, מאַמע, אַ סאָסיע איז דער טייטש אַ מיטגליד, אַ מיטגליד אין אַ פאַריין.

לייזער: ס'הייסט אַ "טשלאָנעק", אַז דו ביזט פאַרשריבן אין דער חברה.

פּעסעלע: אַזוי? אַ חברה־מאַנטע? ווייס איך שוין.

רייזל: (לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ)

צווייטע דאַמע: דאָ הייסט עס נישט קיין חברה־מאַנטע, דאָ טאָר מען עס נישט זאָגן. ס'איז אַ מיאוס וואָרט.

ערשטע דאַמע: אַ פאַרקערטע וועלט איז דאָ, מומע, אין דער היים האָט אַ חברה־מאַן געהייסן דער שענסטער ייד פון שטאָט, און דאָ איז אַ חברה־מאַן אַ פּאַסקודנע זאַך, אַ פאַרקערטע וועלט אַמעריקע!

לייזער: אין דער היים איז אַצינד ווינטער, און דאָ זומער, היצן.

פּעסעלע: אַז ס'איז נישט קיין שיינע זאַך צו זיין אין חברה, וואָס זשע האָסטו מיך איינגעשריבן, רייזעלע?

ערשטע דאַמע: אונדזער כאָסיעדאַד איז נישט קיין חברה, נאָר אַ פאַריין, אַלע פיינע פרויען זיינען סאָסיעס.

צווייטע דאַמע: סעניאָרא, איר מעגט מיטנעמען אייער מוטער און ברודער אויף דער אונטערנעמונג, וועלן זיי דאָס זען אביסל יידן, קיין שום ניהאָרע, ס'איז דאָ ביי אונדז.

ערשטע דאמע: אַן אַנגעלעגטע "סאָסיע": טויזנט טאָלער איינשרייב־ געלט. דאָ האָט איר, סעניאָרא די בילעטן, קוים די לאָזשע באהאלטן פאר אייך, ס'וועט זיין אַן אָנגעפאקעוועטער טעאטער פון בלויז פיי־ נע פאמיליעס... אָבער אייער סעניאָר דער דאָקטאָר זאָל נישט אמאָל פארגעסן צו קומען, די גאנצע קאָלעקטיווויטעט וואַרט.

צווייטע דאמע: א בריליאנטן מויל האָט ער דאָס, אפשר וועט מען אויסראַטן דאָס אלדראָסבייז פון אונדז, זאָל ער נאָר נישט פאר־ געסן צו קומען, אלע ווילן אים הערן רעדן אזא וויכטיקע זאַך.

רייזל: ער וועט קומען, נו ווי דען? ער וועט רעדן.

ערשטע דאמע: דארף מען שוין גיין, אמת, מ'דאַרף שוין גיין?

צווייטע דאמע: טאקע; אויף די היינטיקע דינסטן קען מען זיך פארלאָזן? דערצו נאָך שווארצע דינסטן.

רייזל: ניין, גייט נישט, איך בעט אייך, מיר וועלן פארברענגען צוליב מיין מאמען און ברודער. איר דארפט אליין רעדן מיט ד"ר סילווא, ס'קאָן זיין ער האָט פארגעסן, אז ער דארף היינט רעדן. קומט אריין אין קאָמעדאָר, מיין סעניאָר קומט אודאי גלייך. קום, מאמע, לייד זער, סעניאָראס. (מע שליסט די טיר) דאכט זיך, אז ער קומט. אנטשולדיקט (לויפט ארויס און קומט באלד צוריק כמעט שלעפנ־ דיק ד"ר סילוואן.)

דר. סילווא: (גריסט זיך לייכט מיטן קאָפּ)

רייזל: מאמע, אָט דאָס איז מיין מאן! (פעסעלע קוקט אים אָן ווי מיט שרעק) דאָס איז מיין מאמע, דאָקטאָר!

דר. סילווא: (גייט צו, גיט איר די האנט העפלעך)

רייזל: און אָט איז מיין ברודער. ווי פארענדערט זיי זיינען פונם וועג.

דר. סילווא: (גיט לייזערן די האנט), זאָג זיי, דאָנאַ ראָזינא, אז זיי זאָלן מיר אנטשולדיקן, וואָס איך האָב נישט געקאָנט זיין ביים שיף.

רייזל: זיי ווייסן, איך האָב זיי געזאָגט.

פעסל: ער קאָן גאָרנישט קיין יידיש?

דר. סילווא: יאָ, מוטער, פארשטיי יידיש רעדן.

רייזל: פאר וואָס זאָל ער נישט פארשטיין? קומט לאָמיר אריינגיין אין קאָמעדאָר, סעניאָראס, וועט איר אים דערמאָנען, קום, מאמע, (העלפט איר זיך אויפהויבן, פירט זי אריין, אלע גייען נאָך, דער זאל ווערט א רגע ליידיק, ס'דערהערט זיך א קלונג אין דער פאָדער־ טיר. דער פאָרטיער לויפט דורך דעם זאל, כדי צו עפענען, ס'הערט



זיך עפּעס רייד, באלד קומט אריין די קוואקע וויגנדיק זיך ווי אויף אַן אקס, אָנגעטון אין א גרויסן הוט, מיט איר קומט די אָרעסערין).

פּאָרטיער: זאָל איך מעלדן דער מאדאם?

קוואָקע: (פּאָכעט זיך דאָס פּנים) גוט, גוט, מיר וועלן ווארטן. ס'איז דאָ אסך מענטשן?

פּאָרטיער: געסט זיינען דאָ, דאמען אויך. וועט איר אויסווארטן (פארשווינדט גלייך אין דער טיר)

אָרעסערין: אזא גדולה, ווי איז מיר נישט, זעט וואָס דאָ טוט זיך אלץ?...

קוואָקע: זי האָט שטענדיק געהאט מזל, די מאמע איז א בוימל גי־ סערין, פרום ווי א רביצין, וועט זיך מאכן שמחת תורה.

רייזל: (קומט אריין) וועמען איך זע!

קוואָקע: ליב דיר דיינע געסט.

אָרעסערין: (ווארפט זיך אויף איר קושן) מזל טוב דיר, ראָזע, ליבע דיינע געסט.

רייזל: אדאנק, גאָט זאָל אייך העלפן.

קוואָקע: אז די מאמע איז געקומען, רעדט זי שוין פון גאָט! וואָס מאכט זי? וואָס דערציילט זי פון דער היים?

רייזל: כ'האָב נאָך אליין רעכט נישט געפרעגט, מיר זיינען ערשט פון שיף געקומען. וואָס איך האָב פון זיי געהאט!

אָרעסערין: זי ווייסט שוין, אז דיינער איז נישט קיין ייד?

רייזל: חלילה, איך האָב איר געזאָגט, אז ער איז פון איטאליע א אי־ טאליענישער ייד, נאָר ער קאָן נישט קיין יידיש. דער ברודער שטויסט זיך עפּעס אָן, ער קוקט מיט אַן אייגל...

קוואָקע: א זאָרג האָסטו... זיי וועלן זיך צונעוואוינען. צו צרות גע־ וואוינט מען זיך גיך צו, ס'איז דיר טויזנט מאָל וואוילער מיט א גוי, ווי מיט א ייד. נאָך א וויטישן ייד האָט דיר געפעלט, ער וואָלט דיך ארויסגעטריבן ווי א הונט, אוי, רייזל קרוין, טוען זיי אונדז אָן צרות! די וויטישע האָבן צוריק אויפגעהויבן די קעפּ. און דיין יאָלד, דער ווייסער קאָפּ איז דער גאנצער אָנפירער. קרעץ מעג אים ארויסקומען אויפן לייב.

אָרעסערין: איך פארשטיי נישט, אין אָדעם איז אויך דאָ בלאטע מיט וויטישע, אָבער וועמען ארט עס זיך צו מישן אין ענגעמס עסק?

קוואָקע: אַן אומגליק. א ריינער אומגליק.

רייזל: כ׳ווייס, כ׳ווייס, וואָס עס טוט זיך, דער דאָקטאָר דערציילט מיר אלץ.

קוואָקע: טאקע וועגן דעם בין איך געקומען. כ׳קאָן דען ארומגיין? די יאָלדן זאָלן אזוי קענען גיין אויף זייערע פיס, רבונו של עולם אין הימל! א פּאראליטש מאכט זיך מיר דאָ אויפן דיקן פלייש, אָבער כ׳מוז, אז מען גייט אונדז אויפן שטיקל ב״זיוט...

רייזל: נו, וואָס ווילט איר פון מיר.

קוואָקע: זיי נעמען דאָך אים, דיין דאָקטאָר, אויך אריין אין רעדל. ער וועט דאָך ריידן היינט ביינאכט אין טעאטער. ער אליין מאכט דאָך א פינסטערע גזירה. מען זאָל אונדזערע "קאפּטאנעס" ארויסטרייבן פון לאנד, א ראָץ איז אונדז אין די לייבער, וואָס הייסט, מען וועט ארויסטרייבן די חתנים? ווער וועט זיך אָננעמען פאר אונדז? הפקר וועלן מיר דאָך זיין, ווי די ווערים.

רייזל: וואָס זשע זאָל איך טון?

קוואָקע: וואָס הייסט וואָס? מען דאַרף דיך לערנען? וואוינסט דאָך מיט אים, קאָנסט אים נישט איבערדאבערן? אלץ ווענדט זיך אין אים, זיינס איין וואָרט!..

רייזל: איך קאָן מיט אים נישט ריידן. איך טאָר מיט אים וועגן דעם נישט ריידן, איך מיש זיך נישט. וואָס ווילט איר פון מיר האָבן?

קוואָקע: וואָס הייסט — וואָס מיר ווילן? אז מיר זיינען אין אזא נויט און דו קאָנסט אונדז העלפן. ביזט דען נישט געווען אין דעם ברויט?

רייזל: (. כמעט היסטעריש) כ׳בין געווען? איך ווייס נישט כ׳בין א אנדערע, אן איבערגעגאָסענע, כ׳בין נישט די, שוין לאנג נישט די, וואָס ווילט איר פון מיר האָבן?!

קוואָקע: וואָס מיר ווילן? ס׳איז דיין קאָפּ, דיין קעפּעלע! דו האָכט עס אים צוגערעדט, אלץ דו, זאָל מען מיר דאָס לייב שניידן, אויב ס׳שטעקט נישט דיין קאָפּ דרינען! וואָדען? דעם גוי וועט ליגן אין זינען אזא זאך?

אָדעסערין: א שטענדיקער גאַסט געווען אונדזערער, וועט ער אונדז שלעכטס טון!

קוואָקע: זאָל מען מיך פּאלמעסן, ס׳איז איר קאָפּ! זיי ווייסן שוין אין דער פּאָליציי אלע נעמען פון די חתנים, דו האָסט אויסגעגעבן, דו, אן אייגענע טוט אזוי?

רייזל: איך? איך בין נישט קיין אייגענע, איך קאָן אייך נישט!



דר. סילווא: (קומט צולויפן אויף אירע היסטערישע געשרייען) וואָס קומט דאָ פאָר, דאנא ראזינא?

רייזל: (טוליעט זיך צו אים) דאָקטאָר! פריינד מיינער! וואָס ווילן זיי פון מיר? וורענעס!

דר. סילווא: אין וואָס האנדלט זיך דאָ, סעניאָראס?

קוואָקע: נישט קיין בייז, א טובה בעטן מיר ביי איר, דאָקטאָר, איר זייט דאָך אונדזער פריינט, פלעגט אריינקומען צו אונדז, און היינט זיינען מיר אין אזא נויט, מען וויל דאָך אונדזערע מענער פּארטרייבן, וואָס וועלן מיר טון? נאָר איר, סעניאָר דאָקטאָר, (וויל אים קושן די האנט) אין אייך איז עס געווענדט.

דר. סילווא: (כאפּט אוועק די האנט) דאָ גאָרנישט, סעניאָראס, ביי מיר איז יום טוב, אין ביורא קאָנען מיר רעדן, איצט איז ביי מיר יום טוב. דאנא ראזיטאס מוטער און ברודער זיינען געקומען.

אָדעסערין: מיר זיינען דאָך היימישע, לאָמיר כאָטש אָנקוקן א פרישן מענטשן.

רייזל: גייט אריין, אז איר ווילט. איך קום גלייך, א רגע לאָזט מיך אליין.

דר. סילווא: פילסט זיך נישט גוט ראָזינא?

רייזל: ניין, ד״ר א רגע כ׳בין בלאַס און וויל נישט אריינגיין צו די געסט מיט אן אויפגערעגט פנים, (קוואָקע, אָדעסערין, נאָך זיי דר. סילווא גייען אריין אין דער טיר צום עס־זאַל, רייזל זעצט זיך אין א שטול, לענט אָן איר קאָפּ אויף אירע ארעמס, וואָס ליגן אויסגעשפּרייט אויפן קליינעם קיילעכדיקן טישל. פּויזע. עס קומט אריין דער בלאָנדער, א שטומער צער ליגט אויסגעגאָסן אויפן פנים; ער שטייט ביי דער טיר, דאן גייט ער נאָך עטלעכע טריט, בלייבט שטיין פון דערווייטנס.)

בלאָנדער: ראזא! (שטיל. פּויזע.) ראזא!

רייזל: ווער? דו ביזט דאָ, דו?

בלאָנדער: יאָ, איך, איך ווארט דאָ אונטער דער טיר די גאנצע צייט, כ׳האָב אלץ געהערט.

רייזל: וואָס ארט עס מיך? ס׳איז מיר אפילו אין אויער נישט אריין.

בלאָנדער: ס׳ארט אייך יאָ, ראָזא, איך פיל, ווען ס׳איז אָנשטעל, און ווען ס׳האריץ קלאָגט. ס׳טוט וויי!

רייזל: וואָס וויי, וואָס האריץ? נאָר, כ׳האָב שוין לאנג קיין האריץ נישט, כ׳האָב געמיינט אז כ׳וועל זיך איבערגיסן, וועל איך זיין אן אנדערע

מיט א נייער נשמה. צום סוף גאָרנישט, האָב איך געשטרעבט די מאמע זאָל קומען, דער ברודער זאָל קומען, פארגעסן, וואָס ס'איז געווען... איז אָבער ס'הארץ וויַיזט אויס, שוין לאנג אויפגעפרעסן, אויסגעפוילט געוואָרן, גאָרנישט פיל איך. גאָרנישט ווארפט זיך אין מיר, גלייך פרעמדע וואָלטן געקומען.

בלאָנדער: ראזא! קיינמאָל ווילט איר מיך נישט פאָלגן, היינט אויך נישט, כ'האָב אייך געזאָגט: פארט אוועק, דאָ קענט איר נישט זיין גליקלעך; איצט וואָרן איך אייך נאָך, א גרויס אומגליק קלאפט אין אייער טיר!

רייזל: אן אומגליק?

בלאָנדער: וואָס דען, אין דער יידישער גאס זוכט מען דורך יעדן איינעם, צו געהערט ער זיך עפּעס נישט אָן מיט חברה, און באַלד וועט מען אוודאי אויסגעפינען וועגן אייך, ראזא.

רייזל: אזוי? הם!.. יא, גוט. אָבער איך בין דאָך שוין לאנג ארויס! (ס'הערט זיך קלינגען פון פאָדער־הויז) גיי, בלאָנדער, אריין אין קאָמעדאָר צו די געסט, דאָרט זיינען אלע, אז מ'וועט זיך פרעגן אויף מיר, זאָג, אז איך קום באַלד (דער בלאָנדער גייט אין עס־זאַל, רייזל גייט עפענען, קומט באַלד צוריק מיט חלפן און סטארן)

חלף: געקומען? או וואָ! קיין מינוט קאָן איך זיך נישט אָפּרייסן פון קאמבאַלאַטש, א ביטערע פרנסה!

סטארע: אין א שלעכטער צייט געקומען דיינע, נישט אין סעזאָן,

חלף: א גזירה אין זייערע גדערעם, די וויטישע, אויפגעהויבן די קעפּ, מען קריכט זיי אין וועג אריין? ווילן זיך נישט מישן מיט אונדז? ווערטס ראָד געבראכן, וואָס טשעפּן זיי זיך גאָר צו בלאַטע? שלאָגן פּרויענצימערס, אזוי העלפט אונדז גאָט, ווי זיי וועלן מיאוס אויסשפּילן, ווי גאָט איז מיר ליב.

רייזל: שלאָגן?

חלף: א באַנדע יאָלדן זאָגן, אז זיי זיינען ארבעטערס. האָבן זיך אריינגעריסן אין די "געסלעך" מיט אייזערנע שטעקנס און געשלאָגן די "פרויען", געווען קיינער. מען דארף זיך דאָך ווערן, די רעגירונג וויל ארויסגעבן א באַפעל. אלע זאָלן מיר ארויס פון לאנד.

סטארע: ס'וועט זיי העלפן ווי א טויבן אקטיאָר דער סופלאָר, אז מ'וועט דארפן געלט וועט זיין ווי בלאָטע.

רייזל: געשלאָגן די מיידלעך?



חלף: פארן אמת וועל איך זיך דעם קאָפּ אָפּשניידן! מיר מישן זיך עפּעס אין זייערע ביזנעס? אז מיר זאָלן זיי וועלן פארמאסערן בלייבט קיין איינער נישט אין לאנד, אנארכיסטן זיינען זיי!

סטארע: די ערגסטע ביזנעס וועל איך האָבן; נישט די וויטישע און נישט די בלאטע וועלן קומען צו מיר אין טעאטער. מ'דארף א קוק געבן אויף די גרינגע געסט, וואָס פאר א פּובליקום ס'איז...

רייזל: נו, קומט אריין (אלע דריי גייען אריין אין עס־זאַל. דער סאַלאָן בלייבט ליידיק, באַלד קומען פון דאָרטן ארויס ביידע דאמען, די פּרעזידענטן און וויצע אראָפּגעלאָזט די נעז און אויפגערעגט)

ערשטע דאמע: האָסט געזען אזוינס?

צווייטע דאמע: מען קאָן נישט פריער דעם מענטש, ביז מען האנדלט נישט מיט אים.

ערשטע דאמע: ווי מיר, ס'איז פינסטער געוואָרן אין די אויגן, ווען כ'האָב זיי געזען אריינקומען.

צווייטע דאמע: כ'מיין, מיין מאן איז א חכם; ער האָט מיר געזאָגט, אז די דאמע וואָס גיט אזוי פיל געלט אויף אונדזערע סאָסיעדאָדן, האָט א גרינגע פרנסה...

ערשטע דאמע: דאָס פּנים איז מיר רויט געוואָרן פאר שאַנדע! מיט אזעלכע לייט צו זיצן ביי איין טיש!

צווייטע דאמע: און די צוויי, וואָס זיינען ערשט אריינגעקומען? ס'מוז דאָ זיין דאָס אמתע הויז! קום לאָמיר אָפּציען באַצייטנס; ס'איז א בזיון צו דערציילן פאר די מענער!

ערשטע דאמע: איך מוז עס באַלד מעלדן אויף א זיצונג, באַלד מעלדן! ווי מיר, איך קאָן דאָך אומגליקלעך זיין. ווער דארף איר געלט, אז זי איז אזא בחורטע?

פּעסעלע: (קומט אריין שטעלט זיך אין די טיר ווינקט און רעדט ארויס שטיל:) לייזער! לייזערל!

לייזער: (קומט אריין) וואָס, מאמע? רופסט מיך אוועק פון טיש, — ס'זיצן דאָך מענטשן.

ערשטע דאמע: ס'זיינען "האלבע פיש" און "האלבע מענטשן", — יוגנערמאן.

פּעסעלע: יידישע קינדער! מיר געפעלט עפּעס נישט די מעשה, אזא שווארצער, ווי האָט עטץ געזען אזעלכע שווארצע יידן? ערגער ווי א ציגיינער, א בראָך איז מיר נישט! ער מוז גאָרנישט זיין קיין ייד.

ערשטע דאמע: ס'קאָן זיך אלעם טרעפן, מומעשי!

פעסעלע: לייזער! ס'הערץ האָט מיר געזאָגט, איך זאָל נישט פאָרן; אויף דער עלטער געוואָרן א גויע. וואו איז ערגעץ די קיך? לאָמיך זען, צי מ'מאכט כאָטש כשר.

רייזל: (קומט אריין אביסל פארפינסטערט) מאמע! וואָס ביזטו אינ־מיטן דערינען אוועק פון טיש? ס'פאסט נישט אזוי, לייזער?

פעסעלע: מ'וועט קוקן, וואָס ס'פאסט, הערסט דאָך, טאָכטער: דער אָקס האָט א לאנגע צונג און קאָן נישט ריידן, דער מענטש האָט א קורצע — און טאָר נישט ריידן, ווייז מיר, וואו האָסטו די קיך, מן הסתם אינאיינעם מילכיקס מיט פליישיקס?

רייזל: דאָס זאָל זיין די קלענסטע זאָרג, מאמע, די צוויי יידן, וואָס זיי־נען איצט אריין איז איינער אונדזער שוחט און דער אנדערער א חזן, (ביידע דאמען גיבן זיך א רים ביים באַק, רייזל באמערקט) און איר, סעניאָראַס, גייט שוין טאקע?

צווייטע דאמע: ס'איז אזוי אויך היימלעך, ס'פעלט דען מענטשן דאָ? (גיט איר די האנט) צום ווידערזען!

רייזל: גייט געזונט!

ערשטע דאמע: א גוטע נאכט, מומעשי, זאָרגט זיך נישט, ס'איז דאָ אויך א יידישע שטאָט, א גוטע נאכט! (ביידע גייען ארויס)

פעסעלע: הערסט דאָך, טאָכטער, נישט באשערט דיין מאמען קיין נחת.

לייזער: איך וויל אויך עפּעס רעדן מיט דיר, שוועסטער: ס'איז נישט קיין צוועק אזוי, דאָ איז נישט פאר אונדז! ס'איז צו נגידיש, מירן זיך בעסער דינגען א דירה, איך מיט דער מאמען. איכל ארבעטן שוסטעריי, איך וועל זיך דאָ אויך גוט פארדינען. וואָס דארפן צוויי מענטשן? כ'וויל נאָר, זאָלסט אונדז אויסבאָרגן אויף א דירה, כלים צו דער ארבעט האָב איך מיטגענומען.

פעסעלע: ס'הערץ האָט געזאָגט, מ'וועט נאָך דארפן זיי באנוצן.

רייזל: ס'זענט דאָך ערשט געקומען, וואָס איז מען שוין נישט צופרי־דן? וואָס יאָגט מען זיך שוין וועגן א דירה, — מען טרייבט ארויס?

לייזער: דיין מאן איז זייער א גוטער מענטש, א גרויסער מאן, מיר זיינען פראָסטע מענטשן, אזוי ווי איך זאָג, רייזל, עס זיין גלייכער.

פעסעלע: געפאָרן אזוי ווייט און אריינגעפאלן! כ'מיין דיך טאָכטער־לעב, אזאַ שווארצער, ער מוז גאָרנישט זיין קיין ייד, ווינד איז מיר,



א געשמדטע טאָכטער...

רייזל: כ'בין נישט געשמדט, מאמע! כ'וועל נישט נויטן אייך דאָ צו וואוינען. איך האָב געשטרעבט אייך צו ברענגען, צעברעכט איר מיר נאָך דאָס שטיקל לעבן, וואָס האלט זיך אויף א צונויפגעקניפּטן פאָדעם (ס'קומען אריין חלף, סטארע, קוואָקע און אָדעסערין)

חלף: מ'לאָזט איבער געסט און מ'גייט ארויס?

סטארע: עפּעס איז דאָ א טראַגישע סצענע...

רייזל: הערט כאָטש, וואָס א מענטשן פאלט איין: "איך בין געשמדט", —

קוואָקע: מיינע שונאים, הלוואי אלע יידישע טעכטער זאָלן אזוי זיין געשמדט.

חלף: נארישע יידענע, מ'האָט אייך עפּעס איינגערעדט? די צוויי "וצדקתדם", וואָס זיינען דאָ געווען? מיר גלויבט, איך בין א ייד, וואָס האָב נאָך אין מיין לעבן קיין טריפה נישט געגעסן, 40 טעג בין איך געפאָרן מיט דער שיף אהער, 40 טעג, מיט 30 יאָר צוריק, האָב איך בלויז מיט טרוקנס געלעבט, זאָל דער מענטש זאָגן (ווייזט אויף סטארען)

פעסעלע: אָבער דער כּאַן איז דען כאָטש א ייד?

חלף: אז מ'זאָגט אייך, זי איז נישט געשמדט, מיין טאָכטער זאָל זיך אזוי שמדן, ווי ז י איז געשמדט, כ'קאָן אייך שווערן ביי די ציצות. איר זעט? (שפּילעט זיך אויף די וועסט, ווייזט א טלית קטון) ביי די ציצות קאָן איך אייך שווערן! איר מיינט, אז דאָ איז שוין נישטא קיין יידישקייט?

לייזער: וואָס וועט מען דאָ טון? לאָמיר זיך דינגען א דירה און וואוי־נען פאר זיך.

סטארע: דאָס איז ערשט דער פראָלאָג, ס'וועט נאָך זיין 4 אקטן מיט אן עפּילאָג, לאָמיר גיין, דער סאלאָן מוז שוין זיין אָפן. מומע! קומט בעסער אין טעאטער, וועט איר זען אביסל יידן דאָ איז דאָ.

קוואָקע: מיר האָבן א גוט טעאטער, אלע מאָל אן אנדער געשלעג... זעסט, מויד, כ'האָב דיר געזאָגט, אז מ'וועט זיך פאררעדן. לאָמיר שוין טאקע גיין. יאָ רייזעלע, מעגסט עפּעס צושטייער געבן אויפן בית עולם, א גרויסע נדבה, אז גאָט האָט דיר יאָ געהאָלפן אז דו קענסט...

פעסעלע: זיי האָבן קיין בית עולם נישט, ווינד איז מיר! זעסט שוין, לייזער, אז מ'קלינגט איז א חנא. מ'האָט געזאָגט, אז מען

ליינט מיט א צלם צווישן גוים, נאָכדעם נעמט מען ארויס און מע פארברענט.

רייזל: איך האָב שוין געגעבן אויף א הייליקן אָרט 5 טויזנט טאָלער.

קוואָקע: צעשמעלצט דיר די קאשע מיט די וויטישע? געדענק, ס׳וועט דיר אויספאלן באָקעם, ס׳איז געוואָרן די אמתע שטיקל סחורה, די שמדניצע!

פעסעלע: אָ?!

קוואָקע: נאָך ערגער ווי געשמדט, א יידיש קינד זאָל נישט וועלן געבן אויף א בית־עולם, א בית עולם פאר אייגענע שוועסטערן און ברידערן.

רייזל: פאר די „ברידערן" האָב איך גענוג געגעבן: לאַנגע יאָרן זיך געווייקט אין אייגענעם ווייטיק און זיי זיינען געקומען צום גרייטן און אויסגעזויגן דעם מארך, ווי א פיאַווקע דאָס בלוט! פאר וואָס האָבן די ברידערן ביז איצט נישט געזאָרגט פאר אן אייגן בית עולם פאר די צעבראָכענע ביינער פון די שוועסטערן וועגן? די שוועסטערן האָבן זיי ווייניק געלט געגעבן? אויף קאָרטן שפּילן און אויף ראָ־לעטים? אויף שכורן און ארומגיין ליידיק? וואָס טויג די שוועסטע־רין א גוט אָרט, אז מ׳באַגראָבט זיי סיי ווי נישט? צעקרישלט ווערן זייערע לייבער און זייערע געדערים — ארייַנגעוואָרפן אין מיסט־קאסטנס? וועלכע שוועסטער איז דען באַגראָבן געוואָרן ווי א מענטש־לעך באשעפעניש אין דער ערד? סיידן אזוינע גבאיטעס ווי איר.

פעסעלע: ווינד איז מיר, וואָס פאר א מדינה דאָ איז.

לייזער: קום, מאמע, אין אונדזוער חדר. מ׳זאָל דערלעבן מאָרגן, וועט מען שוין ווײסן וואָס צו טון.

פעסעלע: האָסט דאָך אליין געהערט, ווי דאָס מענטש האָט זי אָנ־גערופן „שמדניצע"!

לייזע: מאמע, איך הויב אָן פארשטיין, וואָס דאָ איז, מאמע, וואָס דאָ קומט פאָר! דו ווייסט נישט, מאמע, לאָמיר שוין גיין! שוין גיין!

רייזל: ניין, דו ווייסט נישט, מאמע, כ׳בין נאָך ערגער ווי א גע־שמדטע; א געשמדטן איז מען מוחל, מיר איז מען נישט מוחל. (לייַ־זער קראצט זיך מיט ביידע דעם קאָפּ, רייסט די האָר)

דר. סילווא: (פאלט אריין פון דער טיר) אליץ נאָך, סעניאָרעס, וועגן זעלבן? איך האָב דאָך געבעטן...

רייזל: אלע אויף מיר, אלע, דו, דאָקטאָר, קאָנסט מיר העלפן דיין רעוואָלווער גיב מיר, אז נישט, וועל איך מיר באָרגן ביי א מאַטראָז.



דר. סילווא: וואָס גייט דאָ פאָר, סעניאָרעס?

הלף: נארישקייטן, ווייבער זיך צעוועָרטלט, לאָמיר טאקע גיין. א גו־טע נאכט, א גוטע נאכט, מומע! נעמט אייך נישט צום הארצן (אלע דריי גייען ארויס)

לייזער: קום, מאמע, אין אונדזוער חבר. מ׳זאָל דערלעבן מאָרגן, וועט מען שוין ווייסן, וואָס צו טון.

רייזל: איר מיינט, אז איך בין אינדערהיים, וואָס איר האָט מיך פארזאָרגט? דינען האָט איר מיך געיאָגט, א דינסט־מויד זיין און אייך ברענגען ס׳געלט?

דר. סילווא: דאָנא ראָזינא!

פעסעלע: אז דער טאטע איז געלעגן אויף דער אסמא... לאָמיר גיין לייזער, ווייסט וואו ס׳ליגן אונדזערע זאכן? (ביידע גייען ארויס).

רייזל: (פאלט אויף די קניען פארן ד״ר סילווא) דאָקטאָר מיינער, איך בין אזוי אומגליקלעך.

דר. סילווא: ראָזא, ראָזינא! וואָס פעלט דיר? שטיי אויף, נארעלע, שטיי אויף, ס׳איז ניט שיין.

רייזל: ס׳איז אזוי שלעכט, אזוי שווער, אליץ האָט זיך פארנומען, די וואָרנעם גייען נאָך, מ׳יאָגט מיך, דאָקטאָר, פריינט מיינער.

דר. סילווא: ווי לאַנג דיר איז אנגענעם מיין פריינדשאפט, ראָזינא, געניסטו די שוץ און גליק. איך האַלט דיך נישט ווי א צופעליקע פרוי, ווי א צייטווייליקע געליבטע, נאָר ווי אן אייגענע, ווי א גע־טרייע, זעסט דאָך, אז אלע טירן און אלע סודות זיינען פאר דיר נישט פארשלאָסן, פארוואָס ראָזיטא, זאָלסטו נישט גליקלעך זיין? סיידן אין דיין הארץ ברענט אזוינס, וואָס קאָן דיר דאָ קיין רו נישט געבן.

רייזל: די שטנס און די שרעק, וואָס גייען מיר נאָך, פארטווישן דאָס זיסע גליק אין ביטערן סם.

דר. סילווא: איבערגעגאָסן ביזטו אין אן אנדערן אינהאלט; ביזט איננאנצן אנדערש, נישט די אפילו, וואָס איך האָב דיך מיט חדשים לאַנג געקענט; איך באוואונדער דיך, דיין איבערבייטן זיך, דיין אויסטון זיך אינגאנצן פון יענער הויט, ביזט מיינע, ווי לאַנג דו פילסט זיך גוט אין מיין נאָנטקייט, ביזטו מיינע.

רייזל: דאָרט אין יענעם לעבן, זאָרגט מען נישט פארן שפּעטער, נישט פארן מאָרגן: אזוי לעבט מען אן א ציל, ס׳איז יעדע מינוט גוט, און ס׳איז יעדע רגע ביטער, כאָטש מען ווייסט אז מאָרגן

קען מען אויסציען די פיס אין א שפיטאָל, אָדער קריגן א מעסער יי פון אייגענעם יונג, אָדער פון א שיכורן זעלנער. אָבער ווי לאַנג מען איז אין יענעם לעבן, זאָרגט מען נישט, יעדע שעה איז א לעבן פאר זיך. גייט מען נאָך ארויס, טרעט מען אריבער די שוועל פון דאָרט, אזוי הויבט זיך אָן זאָרג.

ד ר. ס י ל ו ו א: וואָס דארפסטו דען זאָרגן, ראזיטא, ווי לאַנג מיינע אויגן זיינען אָפן. (הויבט זי אויף)

ר י י ז ל: כ'האָב דיך איינעם, איין פריינט צווישן אזוי פיל קראָען. איך האָב מורא, דיין הארץ קאָן דאָך אמאָל זיך אויך באַקערן, — וואָס וועל איך טון? כ'ווייס נישט, צי איך האָב דיך ליב, — אזא איינע ווייסט נישט פון ליבשאפט, נאָר צו קיין אנדערן וואָלט איך זיך נישט אָפגעבן, ווי א הונט בין איך דיר געטריי. ביזט גרויס. פארשטייסט, דאָקטאָר, איך בין גאָרנישט, כ'בין נישט קיינעמס. מיין מאמע און ברודער וועלן אויך אוועק פון מיר, כ'בין אָן א נאָמען כ'בין קיינער. וואָלט איך חתונה געהאט מיט אן ארבעטער, וואָלט מען אריין צום ריכטער און ארויסגענומען א ביכל: מאַן און ווייב! — וואָלט איך געווען "עפּעס", צי איך וואָלט אים ליב געהאט צו ניין, וואָלט איך געווען זיינע. אָבער דו, דאָקטאָר, ביזט גרויס און רייך, און ווי קאָן איך וועלן אזא זאך?..

ד ר. ס י ל ו ו א: ראזיטא מיינע! פאר מיר וואָלט עס געווען אזא גליק, אזא גרויס גליק. יאָ, ווען דו ווילסט ווערן געזעצלעך מיין פרוי. היינט גייען מיר אין טעאטער צו אייך, אין איזראעליטישן טעאטער, צווישן די אקטן האָב איך זייער קאָמיסיאָן צוגעזאָגט צו האלטן א רעדע. אָבער מאָרגן גלייך צום ריכטער. אז דו באשטייסט.

ר י י ז ל: יאָ... ווייל איך ט ר אָ ג... איך שווער, אז נאָר פון דיר, דאָקטאָר, נאָר פון דיר.

ד ר. ס י ל ו ו א: וואָס? איז אמת דאָס? גאָט מיינער, וואו איז דיין מאַמע? וואָס הייסט, זי וועט אוועקגיין אַז דו, אַ ז ד ו ט ר אָ ג ס ט! ניין, איך וועל נישט לאָזן! לאָמיר זי מיטנעמען אין טעאטער אריין. מיט אונדז וועט זי זיין, וואָס הייסט זי גייט אוועק? וואו איז זי? מוטער! מאדרע! (קושט ראזאַן און רופט) מאדרע! מאדרע! (לויפט אריין אין צווייטן צימער רופט אלץ הינטער די קוליסן:) מאדרע! מאדרע!

ר י י ז ל: (פארוואַרפט דעם קאָפ צו די קני. וויינט היסטעריש).

(פאָרהאַנג)

# ד ר י ט ע ר  א ַק ט

הינטער די קוליסן פון א סאלאָן־טעאטער; דעקאָראציעס מיט א לייוונט־טיר צו דער בינע. לייטערס, ברעטער, שטריק, טישלעך און רעקוויזיט. אויף דער וואנט א שפיגל ביי וועלכן ס'זיצט ס ט א ר ע און גרימירט זיך אלס "יואל קוואטש" פון דער פיעסע "א מענטש זאָל מען זיין". די גאנצע צייט איז א געגיי פון מענטשן, גרימירטע און נישט גרימירטע, אקטיאָרן, אקטריסעס. אין דער זייט.זיצט א פ י י ע ר ל ע ש ע ר און דרימלט.

ס ט א ר ע: (גרימירנדיק זיך זינגט אונטער) "אונדזער נחת אונדזער פרייד זיינען נאָר ווייבער.
ווייבער, ווייבער, ווייבער".

א ן א ק ט י אָ ר: (גרימירט אלס "בנימין" קומט ארויס פון א לייווענטן טירל. האלט א ביכל און זינגט פאר זיך:)
..."ווילסטו דיר א נאָמען ערווערבען
ס'זאָל בלייבען נאָך דיין שטערבען
ווארף אוועק דעם פוסטן יחוס,

ס ט א ר ע: (כאפּט פריער אוים) א מענטש זאָלסטו זיין" (פויזע) — שווער יאָלד צו זיין א מענטש אין די לענדער, הא?

א ק ט י אָ ר: פאר וואָס שווער? אומעטום איז דאָ מענטשהייט.

ס ט א ר ע: ווי דו זעסט מיך לעבן, נאָך שווערער ווי ליטעראטישע פראָזע. — פארשפּיץ מיר דאָס בערדל, אָט דאָ. (דער אקטיאָר העלפט אים גרימירן) יאָ, ס'איז א בראָך צו דער קונסט אז "סטארען" שטעלט מען נישט ארויס אויף דעם אפיש... מען שעמט זיך מיט

מיר, כ׳בין א בלאטער אקטיאָר, כ׳שפּיל פאר יענע, פאר די "פּיש"...
וואָס זשע האָט מען מיך גערופן? האַ, ביי אדלערן בין איך געווען
דער ערשטער קאָמיקער... הלואי לעב איך אזוי, מיין נאָמען איז גע־
וועז געדרוקט באלד אונטער זיינעם מיט די גרעסטע אותיות, און
דאָ שעמט מען זיך. כ׳האָב ביי די וויטישע מער "פּאטריאָטן", ווי
ביי די בלאטע. וועסט זען ווי מ׳וועט אפּלאָדירן, הלוואי לעבן מיר
ביידע אזוי...

אקטיאָר: איך אויף אייער פּלאץ וואָלט נישט געגאנגען שפּילן, אז
מען דאַרף אייך, וואָס שעמט מען זיך?

סטארע: אמאָל מוז זיך דער לייב בוקן צום פוקס... אז יענע גייען
נישט היינט אין טעאטער אריין. זיי האָבן מורא, נישטא פאר וועמען צו שפּילן, נאַר! ווען איך דאַרף נישט נויטיק דעם טאלער,
הייסט נישט מיין נאָמען "ייד" צו איך וואָלט גיין אהער, איך לאָז
אדורך אין איין נאכט מער אין קאָרטן, ווי דער פּרעזידענט, דער
שיינער ייד, גיט אויף דער סאָסיעדאַד. זאָל מיר גאָט אזוי העלפן!
— האָסט נישט קיין רויכערדיקס?

אקטיאָר: יאָ. (גיט אים א סיגארעטל) ביטערע ביזנעס... ביטערע...

סטארע: א דאנק. (פאררויכערט ביים ליכט) דו ביזט דאָך א ווי־
טישער אקטיאָר, א מענטש וואָס מ׳קען זיך אויסריידן ס׳הארץ...

פייערלעשער: סעניאָר! דאָ איז פארבאָטן צו רויכערן!

סטארע: אָט שוין. (פארלעשט איר פארשטייט: וואָס האָט צו טון
קונסט מיט "פּאָליטיקע"? א טעאטער איז א באָד, ווער ס׳וויל מעג
קומען, א נפקא מינה זיי, מיר. מ׳גייט דאָך זען די קונסט, פאר
וואָס ביי אונדז אין לאָדוש? (פאררויכערט ווידער)

אקטיאָר: דאָ איז נישט לאָדזש, ס׳איז עפּעס אנדערש דאָ.

פייערלעשער: סעניאָר, מ׳טאָר נישט רויכערן!

סטארע: (פארלעשט) דו מיינסט אז איך בין שולדיק? אלץ די ווי־
טישע! פּעקלעך האָבן זיי מיך געהייסן טראָגן, נישט טעאטער.
מיינע ביינער האָב איך אָפּגעקוועטשט אויף די ברעטלעך, כ׳בין
שוין לאנג איבערגעקומען לאמפּן־פיבער, זאָל איך אויף דער על־
טער אוועקוואַרפן די בינע און זיך נעמען צום פּעקל?... (פּויזע)
אזוי פיל טויזנטער זאָל איך האָבן צו מיין בענעפיס און דו אויך,
כ׳בין דיר נישט קיין שונא, וויפיל ס׳וועלן היינט זיין "חברה"..
צו מיר האָט מען טענות, איך זינג ביי יענע לייט אויף בריתן און
חתונות, די וויטישע פארקויפן נישט צו די חברה־לייט? וואָס איז?



ס׳איז מיין סחורה, פרנסה, איך קוק ווען נאָך דאָס ברויט?

אקטיאָר: איי חבר, סאי׳ז נישט אזוי: קונסט איז נישט קיין סחורה,
און דער וואָס דינט דער קונסט, דער וואָס באטראכט די בינע פאר
א העכערע זאך, טאָר זיך נישט אראָפּלאָזן, טאָר זיך נישט פאר־
פלעקן, א קינסטלער טאָר זיך נישט גלייכן צו קיינעם, יעדע מינה
קוקט מען אונדז נאָך, יעדן טריט היט מען אונדז, יעדע תנועה
פאַרשט מען נאָך. אין יעדן קנייטש דאַרף מען ריין זיין, אין יעדן
ווינקל — ווייס זיין, — פארקערט, דאָס פּובליקום מוז זיך פאר־
קוקן אויף אונדז, זיך א ביישפּיל אראָפּנעמען פון אונדז.

סטארע: (כמעט גערירט כאַפּט יענעם אָן ביי די הענט) פריינט! איז
מיין נאָמען נישט מענטש, אויב די ברעטלעך זיינען נישט ביי מיר
אן ארון קודש... מיין נשמה זאָל אזוי הייליק זיין ווי די בינע איז
מיר הייליק ווען איך וואָלט געוואָלט זיין אן אמתער חברה־מאַן
וואָלט איך דאָך קעשענעס מיט געלט ארומגעטראָגן, נישט דאַרפן
מ׳זאָל מיר צאָלן א קאָוועלע, וואָס לאָזן זיי מיך נישט די וויטישע,
וואָס באַיקאָטירן זיי מיך? איך קאָן דיר ווייזן בריוו פון אדלערן!
וועט איר זען ווער איך בין, כ׳דאַרף זיך בארימען? הלוואי העלפט
מיר אזוי גאָט, ווי איך וואָלט געשפּילט בלויז קונסט. (מען טופּעט
און מען קלאַפּט הינטער די קוליסן) נו, מען מוז דאָך האָבן וואָס
צו קייען. וואָס טו איך אזוינס? כ׳זינג אויף בריתן? לייבעלע בער־
לינער דער קאָמיקער פון קאָמפּאניעצנס טעאטער האָט נישט גע־
זונגען אויף בריתן? זיינע טריט קושט מען דאָך, א טייערער אק־
טיאָר דאָס איז. מען לאָזט נישט ברודער, ס׳איז א קאטאָרגע דאָ,
נישט קיין שטאָט פאר טעאטער (אקטיאָר גייט ארויס)

חלף: (קומט ארויף אָן א היטל) דו ביזט דאָס, הייזעריקער?

סטארע: יאָ, וואָס איז דען חלף?

חלף: קוק אָן א "מאזשגאר"! ווי דאָס האָט זיך איינגעריסט, א
פרנסה... טפו! דו הערסט סטארע בלוט וועט זיך נאָך היינט דאָ
גיסן אין די גאסן, מיין קאָפּ זאָל מיר אזוי דינען... אז איך זאָג
בלוט!

סטארע: פאר וואָס איז דאָס, חלף?

חלף: פאר וואָס? (מען קלאַפּט און מ׳רוישט הינטער די קוליסן אין
טעאטער זאָל) איבער דיר, דיר... אלץ איבער דיר... דו הערסט
וואָס ס׳טוט זיך?

סטארע: איבער מיר?

אקטיאָר: (קומט צולויפן) א סקאנדאל איז, א סקאנדאל!

חלף: זיי זיינען געוואויר געוואָרן אז דו טרעטסט אויף, ווילן זיי נישט לאָזן.

אקטיאָר: א סקאנדאל! סקאנדאל.

סטארע: נישט לאָזן? איך האָב מיך געבעטן? געשיקט נאָך זיי בערל?

חלף: אזוי פארשעמען א מענטש, פארוואָס? פארוואָס? (ס'קומען ארויף די צוויי דאמען: די פרעזידענטן און וויצע אין שווארצע זיידענע קליידער, מיט זיי קומט א בלאסער יונגערמאן און ס'שטופן זיך אריין אסך פון פובליקום)

ערשטע דאמע: מען דערקענט נישט. — ווער איז דער סעניאָר סטארע?

סטארע: איך בין עס, וואָס איז דען?

ערשטע דאמע: סעניאָר סטארע! די קאָמיסיאָן האָט באשטימט... די מענטשן פראָטעסטירן... מ'וועט אייך באצאָלן דאָס גאנצע און איר זאָלט נישט שפילן, די מענטשן פראָטעסטירן...

סטארע: וועלכע מענטשן? ווער זענען דאָס מענטשן? מאדאם דאָ טאָר מען נישט ארונטערקומען, דאָ טוט מען זיך איבער!

צווייטע: זי איז די פרעזידענטן, זי...

סטארע: פארלאָזט די גארדעראָב מ'דארף זיך נאָך איבערטון זייט אזוי גוט. (ווייזט מיט דער האנט צו דער טיר) אלע, אלע גייט אריין אין סאלאָן. חלף! בערל טו מיר א טובה און גיי אויך, מ'דארף נאָך גרימירן די אנדערע.

ערשטע דאמע: מ'באצאָלט אייך וואָס האָט איר מורא צו האָבן! אָט דער יונגערמאן וועט שפילן דאָס זעלבע וואָס איר.

צווייטע דאמע: סי סעניאָר! אז די מענטשהייט וויל נישט...

סטארע: (צום יונגנמאן) איר? איר ווילט שפילן?

יונגערמאן: יאָ.

סטארע: איר זענט אן אקטיאָר?

יונגערמאן: ניין, א ליבהאָבער.

סטארע: איר האָט שוין געשפילט די פיעסע "א מענטש זאָל מען זיין"?

יונגערמאן: יאָ.

סטארע: די ראָלע פון יואל קוואטש?



יונגערמאן: יאָ.

סטארע: טאָ רוקט זיך ארויס דורך וואנעט איר זענט געקומען, א סוף! (גיט אים א שטויס) דו הינטישער יאט, א רוח אין דיינע אלע אברים אריין!

צווייטע דאמע: שלאָגן נאָר?... גיי רוף פאָליציי.

חלף: איר זאָלט שוין גיין, אראָפגיין פון דער בינע!

ערשטע דאמע: איר? שוין זאָלט איר ארויסגיין, קיין איין סענט קריגט ער נישט. חברה זיינען נאָר דאָ, ארויס זאָג איך אייך פון אונדזער טעאטער!

חלף: איך צעשפאלט דיר די געהירן דו פארעפישטע דינסטמויד, דו!

ערשטע דאמע: (שרייט) גוואלד! מ'שלאָגט!

צווייטע דאמע: (שרייט ארויס דורכן טירל) סעניאָרעס! העלפט, די "לייט" שלאָגן דער פרעזידענטן! (ס'ווערט א גרויסער ליארם, מענטשן פונם טעאטער קומען ארויף. פון הינטן שרייט מען. מע' כאפט זיך שלאָגן. אן אויסטויש פון הענט און פויסטן. דער פייערלעשער מישט זיך אריין. ס'פאלט דער פאָרהאנג. דער יונגערמאן באווייזט זיך אויף דער ראמפע און רעדט אראָפ צו פובליקום)

יונגערמאן: יידן! סעניאָרעס! בארואיקט זיך סעניאָרעס, מיר וועלן שפילן טעאטער, שא, בארואיקט זיך. מיר זיינען... כ'בעט רו! סעניאָרעס! מיר וועלן שפילן, מיר די בעסטע, די ארנטלעכע!... זיצט אויף די פלעצער אן זיי!... זיי מעגן זיך שלאָגן. מיר... (א טומל אין זאל, מען שרייט מען טומלט. מען הויבט זיך אויף. ס'רוקן זיך שטולן. הינטער דעם פאָרהאנג קלינגט מען. ס'ווערט ליכטיק אין זאל. אויף דער ראמפע קומט ארויף סטארע האלב גרומירט)

סטארע: האָכגעשעצטעם פובליקום! (א טומל. מען שרייט "אראָפ" דער נלאָק הינטער דער פאָרהאנג קלינגט. ס'ווערט צוריק פינסטער אין סאלאָן) געשעצטעם פובליקום! איך סטארע דער באוואוסטער ארטיסט פון גאנץ...

קולות: אראָפ!... אראָפ!

סטארע: איין וואָרט, איינס (שרייט הויך) מיינע דאמען אונד הערן, לאָזט זיך דינען וועט איר הערן די גערעכטיקייט (ס'ווערט שטילער), אן ארטיסט איז.. כ'וועל זיך נישט פארענטפערן, נאָר די גערעכטיקייט דארף זיין דאָס גרעסטע,, שוין באלד פינף און צוואנציק יאָר ווי איך שפיל יידיש טעאטער...

קולות: נענוג, אראָפ! שששש סעניאָרעס לאָזט ריידן! אראָפ! ארויס

ארוים! ששששש לאָז ער ענדיקן ששששש!

ס ט א ר ע: איך שפּיל טעאַטער פאַר אַלעמען, פאַר דעם גאַנצן יידנטום. איך פרעג נישט קיינעם קיין פּאַספּאָרט ווער ער איז, יעדער מענטש איז גלייך, אלע זיינען מיר ברידער און שוועסטער! (ס'ווערט א גרוים טומל)

ק ו ל ו ת נידער מיט די "לייט"! נידער נידער! (דער גלאָק קלינגט ס'ווערט ליבטיק)

ס ט א ר ע: (רייסט איבער דעם טומל) און אז איך שטיי אייך נישט אָן צום יחוס? וואָס זענט איר מיט מיר פאר א מחותן? נאָט, איך שפּיל נישט (רייסט זיך ארום דעם גרים. ס'פּובליקום אפּלאָדירט) וועט מען זען ווער ס'וועט שפּילן "יואל קוואטש" וועט מען טאקע זען! (לויפט אראָפּ).

פּ ר ע ז י ד ע נ ט ן: (רייסט זיך ארויף אויף דער ראמפּע צעקנייטשט און אויפגערעגט, רעט אראָפּ צום פּובליקום) סעניאָראס אי סעניאָרעס! מיר דארפן נישט... מיר... יענע "לייט"!... מיר האָבן דערוואקסענע קינדער... טעכטער. מיר, סעניאָראס, מיר דארפן נישט... זאָלן זיי ארויסגיין וועט מען שפּילן... (היסטעריש) זאָלן זיי ארויסגיין! (טופּעט מיט די פּיס) לאָמיר זיי צוריקצאָלן ס'געלט! דערוואקסענע קינדער האָבן מיר!

א י י נ ע ר: (שרייט ארויף) סעניאָרא פּרעזידענטן! מ'האָט געהיט מ'האָט יענע נישט ארייננעלאָזט!...

ע ר ש ט ע ד א מ ע: אָט אָ דאָ זיצן זיי, דאָ אין דער לאָזשע! (ווייזט מיטן פינגער אין דער לאָזשע וואו ס'זיצט רייזל און דר. סילווא, ס'ווערט א געקוקעריי. פון פּובליקום לויפט מען צו. ר י י ז ל גיט א געשריי "אוי" חלשט. דער טומל ווערט גרוים. מען טראָגט זי ארוים.)

ח ל ף: (וואקסט פון ערגעץ ארוים) בלוט וועט זיך ניסן אין די גאסן א רוח אין ענקערע געדערעם! (מ'לויפט צו צו אים. מ'דראָט מיט פויסטן. מ'שטופּט אים אראָפּ. די מוזיק שפּילט ווידער. דער ב ל אָ נ ד ע ר באווייזט זיך אויף דער ראמפּע מיט א גלאָק אין האנט, קלינגט אזוי לאנג ביז עס ווערט שטיל אין סאַלאָן. דער אָרקעסטער רייסט איבער ס'שפּילן)

ב ל אָ נ ד ע ר: (קלינגט זיי איבער מיטן גלאָק) בארויקט זיך חשובער עולם. איך וויל נאָר בלויז מעלדן אז דער געערטער דעפּוטאט



דר. סילווא וועט היינט נישט רעדן.

ק ו ל ו ת: פאַר וואָס? זאל ער יאָ רעדן.

— — זאָל ער ריידן דאָקטאָר סילווא וועגן זיין געזעץ.

— — יאָ. ריידן!

— —זאָל ריידן!

ב ל אָ נ ד ע ר: צום באדויערן! ער האָט זיך געהייסן ענטשולדיקן וואָס ער קאָן נישט ריידן, וואָס ער קאָן גאָרנישט זאָגן. איר האָט זיך ארייננעשטאָכן מיט פארזשאווערטע שפּיזן אין זיינע אָפענע וואונדן.

ק ו ל ו ת: וואָס? וואָס?

— — רעדט קלארער! דייטלעכער!

ב ל אָ נ ד ע ר: דאָקטאָר סילווא וועט נישט ריידן. דאָרטן זיצט ער און קלויבט צענויף רעשטלעך בראָכווארג פון א מענטשלעך לעבן!

ע ו ל ם: וואָס? וואָס?

— — וואָס מיינט איר?

— — קלארער, דייטלעכער!

ב ל אָ נ ד ע ר: איר ווייסט נישט? דער טונקל הויטיקער וואָס האָט אזא העל הארץ און קעמפט צו פארטיידיקן דאָס צרעת וואָס קלעפּט זיך אזוי צו אונדזער נאָמען, האָט דאָך א פרוי פאַר זיך פון יענע טמאָ־ווינקעלעך גענומען.

ע ו ל ם: אזוי?

— — וואָס, וואָס?

— — וואָס גייט עס אונדז אָן?

ב ל אָ נ ד ע ר: ס'גייט אייך יאָ אָן. זי איז דאָך די מאדאם ראָזא. זיין פרוי איז זי דאָך. מען דארף דאָך איר קאָנען, מ'דארף דאָך איר פארשטיין אזוי ווי איך... ניין, ווי ער, ווי דאָקטאָר סילווא. פון פינסטערן נעסט האָט ער זי ארויסגענומען א ווייסע היים איר גע־געבן: זיינען דאָ ביי אונדז אזעלכע מענער וואָס זאָלן פון שווארצן הפקר ארויסהויבן יידישע טעכטער און זיי שטעלן אויף דער מדרגה פון פרויען און מאמעס? (א טיפע נעדריקטע שטילקייט אין סאַ־לאָן) נו, זי האָט דען נישט קיין מאמע? היינט איז געקומען איר מאמע, אן אלטע יידענע, א פרומע און אן ערלעכע. אודאי האָט זי א מאמע, און א ברודער אויך. איר אלע האָט דאָך מאמעס און ברידער, און יענע דאָרטן וואָס זינקן אין חושך פון די פינסטערע

געסלעך — האָבן אויך מאָמעס. ווייסט איר דען וועלכער גורל ס'חוזקט פון אונדזערע שוועסטער? קעמפט קעגן די, וואָס שעפּן שווארצע פארדינסטן פון ווייסע הויט. רייניקט אוים די תלינים וואָס פירן צארטע נשמות פון מענטשלעכע טעכטער צו די טמאַ־תליות. ברענט אונטער זייערע טריט, ווי א מגיפה וואָלט דורכגע־שפּאנט! אויף אונדז יידן פון דעם יונגן זוניקן לאנד איז אויסגע־פאלן דאָס שווארצע מזל זיך מתעסק צו זיין מיט צרעת, וואָס קלעפּט זיך אזוי קרעציק צו צו אונדזער נאָמען. נעמען מיר רידעלס און לאָפּאטעס און זיינען מטהר די וועגן פאר די, וואָס וועלן קו־מען דאָ זייער היים זיך מאכן. מיטביידע הענט גייען מיר ארוים צו א מלחמה: פאר יעדן שפּאן ערד — מיט בלוט באצאָלן! מיר גיבן צו שטייער א טרויעריג, אָבער אַ דערהויבן בלעטל צו דער גע־שיכטע. דאָך אונדזער שכל דארף לויטער זיין ווי אונדזערע מחשבות, אין אונדזערע הערצער דארף גליען דער רחמים־פונק ווי דער האס צו יענע ברואים אין אונדזערע אויגן. אָבער דעם דאָק־טאָר סילוואס פרוי, די מאַדאַם ראָזא און אסך אנדערע פרויען, וועלכע האָבן מענער פון אונדזערע רייען, דערווייל בלויז ביי זיך אין די רעיונות, זיי טאָר מען נישט באליידיקן אויב זיי זיינען פארפּייניקטע, אויב זיי זיינען בלינדע וואָס זוכן דעם גלייכן וועג צו געפינען

פון עולם: נישט אמת!

בלאָנדער: ס'איז יאָ אמת: א רויטע שנור איז אויף ראָזאס האלדז געהאנגן איז ער וויים געוואָרן. א סמן אז די זינד איז איר פארגעבן!

פון עולם: נישט אמת!

— — יאָ אמת!

— — (טייל לויפן ארויף צו דער ראמפּע שטופּן אים. אנדערע לאָזן נישט. דער פאָרהאנג גייט אויף. זעט זיך ווידער די זעלבע סצענע פון אָנהויב אקט. מען מונטערט רייזלען. נעבן איר ד"ר סילווא מיט א גלאָז וואסער. חלף און סטארע שטייען ארעסטירט, געהיט פון צוויי ציווילע פּאָליציי־אגענטן)

חלף: אסך פון אונדזערע — ארעסטירט; מעג מען קומען צו די ווי־טישע? א בראנד אין זייערע געדערעם. מ'דארף אונטערשטירן, וועט מען אפשר פאָרן בעסער...

סטארע: דער אדון, איר ביישלעפּער, וועט מסתמא באפרייען. אז



נישט וועט מען זיצן אונטער גראטעס...

רייזל: (עפנט די אויגן) א דאנק דאָקטאָר ס'איז בעסער, גוט וואָס די מאמע איז נישט מיטגעקומען, מיר קאנען אהיימפאָרן.

קאָמיסאר: (אין ציווילקליידער) מאדאם, איר זענט ארעסטירט. איר ווערט איינגעלאדן אין קאָמיסאריע!

רייזל: אה! (פארחלושט זיך ווידער, קומט באלד צו זיך)

דר. סילווא: סעניאָר קאָמיסאר! די דאמע איז מיין פרוי, איך דער־לויב זי נישט צו באלעסטיקן.

קאָמיסאר: און ווער זענט איר, סעניאָר?

דר. סילווא: (דערלאנגט א וויזיט קארטע)

קאָמיסאר: (לייענט) "דאָקטאָר מאנועל סילווא נאציאָנאלער דעפּוטאט צום קאָנגרעס". (סאלודירט) ענטשולדיגט. ס'קאָן זיין ס'איז א טעות, די איינאָרדער פון הייגטיקער פאָרשטעלונג האָבן מיר אויפגעגעבן "פאר שטערן די עפנטלעכע רו". — מעגלעך, איר נויטיקט זיך אין מיין הילף, אָן אויטאָמאָביל? לויף איך צוגרייטן ביים ארויסגאנג און אייך באגלייטן ביז אהיים.

דר. סילווא: א דאנק, נישט נויטיק.

רייזל: הער קאָמיסאר! איר האָט נישט קיין טעות, כ'בין געוויס די, וואָס האָט געשטערט היינט די רו ביי די אלע הערן און דאמען... א טעות מוז אודאי האָבן דאָקטאָר סילווא. כ'בין נישט זיין פרוי. א פרעמדע. ער דערקענט מיך נישט, כ'בין א... נאָט זעט מיין ביכל. כ'בין אומלעגאל. ארעסטירט מיך סעניאָר קאָמיסאר.

דר. סילווא: (מיט שרעק) ראזיטא טייערע!

רייזל: סעניאָר קאָמיסאר! (צעלאכט זיך אין היסטעריקע) איך האָב געשטערט די רו, ווער דען... אז נישט איך? (לאכט לאכט און פאלט) אודאי איך!...

(פאָרהאנג)



# פ ע ר ט ע ר   א ק ט

דער אייגענער זאַל וואָס אין צווייטן אקט. צומאַרגנס. אין הויז — אַן אומאָרדנונג. פ ע ס ע ל ע פּאַרעט זיך ביי אירס א וואַליזע. ל י י ז ע ר העלפט איינפּאקן.

פ ע ס ע ל ע: ...אויסגערינען האָט זי מיר געדארפט ווערן.

ל י י ז ע ר: נאָך קליינערהייט געווען אזא כפרה. מיט אלע שקצים... גוט מאַמע, וואָס מ'איז באלד געוואויר געוואָרן, קום, לאָמיר ווייכן ס'אָרט!

פ ע ס ע ל ע: גאָרנישט שלעפּ מיט אירס, אזא שמד־שטיק...

ל י י ז ע ר: די חברה וועט אונדז ארויסהעלפן, מ'וועט זיי זאָגן אז מיר קאָנען דאָ נישט זיין, בלויז אויף א דירה זאָל מען אונדז ארויסהעלפן, איך ווייס שוין וואָס צו טון, מען האָט מיר שוין געזאָגט, כ'וועל ווערן א דאָס, וואָס גיט אויף אויסצוצאָלן...

פ ע ס ע ל ע: מיט א גויע אונטער איין דאך וואוינען? טפו! א שטיין איז זי מיינע, נישט קיין טאָכטער!

ל י י ז ע ר: דו פארשטייסט נישט מאַמע, ס'איז אסך ערגער, איך קאָן שוין סיי ווי סיי נישט אהיים פאָרן, יעדער וועט פרעגן. וועל איך רויט ווערן .יעדער ווייסט סיי ווי.. כ'וואָלט געשוואוירן אז די רביצין ווייסט אויך. וואָס האָט זי אזוי געלאכט מיט די גרויסע ציין גלייך מיר אין די אויגן אריין? מאמע כ'וואָלט געשוואוירן אז זי האָט געוואוסט פון אלץ. אוי מאַמע! (קראַצט זיך אין קאָפּ)

פ ע ס ע ל ע: נו, לאָמיר גיין, זון, זעסט דאָך ווי גאָט פירט איז גוט, געקומען צו א טאָכטער און געטראָפן צו א שטיין. (ווישט זיך די אויגן)

ל י י ז ע ר: דו בלייב נאָך דאָ, ס'איז היים, וואו וועסטו זיך מיטשלעפּן?

פעסעלע: שטום ווי די וואנט, אָן א לשון, ווי ארום וועסטו זיך דערפרעגן?

לייזער: האָסט זיך צו פארלאָזן אויף מיר, מאמע! (גייט ארויס. פעסעלע וויקלט איין אירע זאכן. עס קומט אריין קוואָקע טראגט א בריוו אין האנט)

קוואָקע: א גוטן מאָרגן. די טיר שטייט גאָר אָפן? מ'קאָן דאָך אלץ צעטראָגן פון שטוב, — א בריוו איז געלעגן אין קאָרעדאָר, ווי לאָזט מען עס עפּעס אָפן א טיר?

פעסעלע: דער זון איז ארויסגעגאנגען, מן הסתם פארגעסן צו פארמאכן.

קוואָקע: און די טאָכטער וואו איז?

פעסעלע: אפשר שלאָפט זי. כ'האָב איר נאָך היינט נישט געזען.

קוואָקע: ביי וואָס פאָרעט איר זיך, אלט מענטש?

פעסעלע: די זאכן פאקט מען איין, מיין זון איז שוין געגאנגען א דירה זען.

קוואָקע: דאָ קוקט מען נישט אין פסוק אריין. ס'איז אמעריקע, ווערמען ארט עס, אז ער איז א גוי? ס'איז דען א מאָן? אן אויסהאַלטער, איז וואָס? ווען זי וויל זיך צוגיין דארף זי אפילו קיין גט נישט.

פעסעלע: מ'זאָגט כאָטש א גוי, א שיינער, א יונגער, משוגע איז זי דאָך געוואָרן. אזא שווארצער, א ווארער קוימענקערער, ווי ניגלט זי זיך נישט א שטיקל ברויט אויפצועסן פאר אים...

קוואָקע: ס'האָט איר עפּעס געפעלט? געריסן האָט מען זיך איבער איר, מיך פרעגט, איך קאָן זי שוין נישט פון היינט. דאָס מזל האָט איר געשיינט. (שטילער) איז שוין באלד אויף דער צייט... איר זענט דאָך א מאַמע!

פעסעלע: טפו זאָל עס ווערן, א ממזר נאָך ארויסשלעפּן פון איר, א שווארצן נפש ווי ער, נישט געדאכט זאָל עס ווערן?

דר. סילווא: (אנגעטון אין א שלאָפראָק, בלייך און פארמאטערט, קומט אריין פון דער זייטן־טיר)

קוואָקע: (בויגט זיך טיף, קאָמיש) גוט מאָרגן סעניאָר דאָקטאָר! כ'בין געקומען געוואויער ווערן וואָס זי. טוט, ראָזא. א שיינע חתונה געווען. ווער האָט זיך אויף דעם גערעכט?

דר. סילווא: א דאנק, זיך עטוואָס בארויקט. האָט מען אייער פריינט



דעם סעניאָר ארטיסט, מיט אנדערן באפרייט?

קוואָקע: יאָ, סעניאָר דאָקטאָר, אסך דאנק אייך, זיי שלאָפן און רוען זיך אויס. א וואזשנע נאכט געווען. נו, סעניאָר דאָקטאָר! יעצט זעט איר שוין איין די גערעכטיקייט? פאר איר גוטס, פאר איר גוטס, פאר אזוי פיל גוטס... נו, פילט זי זיך בעסער?

רייזל: (אין א זיידענעם כינעזישן כאלאט, נישט צוגעקעמט. בלאס. קומט אריין)

קוואָקע: א גוט מאָרגן דיר מיידל, ווי דו זעסט אויס!

דר. סילווא: ראָזינאַ! צו וואָס ביזטו אריינגעקומען? מוזט ליגן, בארויקן, ראָזינאַ!

רייזל: כ'בין רואיק דאָקטאָר! — דו פאקסט זיך טאקע צו גיין מאַמע? גוט, דו מעגסט גיין (דערזעט דעם בריוו) פאר מיר דער בריוו? יא זע איך. (נעמט דעם בריוו אין דער האנט ווערט נאָך בלייכער אויפגערעגט. באמיט זיך צו זיין גלייכגילטיק)

פעסעלע: אודאי וועל איך גיין, וואָס דען דאָ זיין? א שווארץ פארזעעניש נאָך האָדעווען? כ'זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד...

(מען קלינגט)

דר. סילווא: (גייט עפענען. קומט באלד צוריק מיט א בריוו) פאר דיר ראָזינאַ, פאר דיר. (גיט דעם בריוו. גייט ארויס. רייזל באטראַכט דעם בריוו).

קוואָקע: זעסט שוין רייזל, ווער ס'איז שיין איך בין קלוג. גלאט אזוי האָט מען מיך אויסגעקליבן פאר פרעזידענטן? חכמה זאָל מען זיך צו מיר קומען לערנען. איך קאָן זיי גוט די קינעלעך. טריפה בלוט רינט אין זייערע אָדערן ... אוי רייזל! ווען דו גיסט דאָס געלט וואָס האָסט זיי געגעבן, פאָר אונדזער סאָסיעדאַד, א ספר־תורה וואָלסטו געהאט אן איינענע... אזוי זאָל איך נחת האָבן.

פעסעלע. כ'בין צו א טאָכטער געקומען און צו א שטיין געטראָפן (גייט ארויס)

קוואָקע: א צער דאָס צוצוקוקן, אן אלט מענטש האָט שכל ווי א קינד. זאָל מיר געזאָגט ווערן א גוטע בשורה, ווי מיין הארץ האָט מיר געזאָגט, אז ס'וועט עפּעס זיין... מיינסט מ'איז נישט באלד געוואויר געוואָרן? ביינאכט זיינען געווען א פאָר פון דיינע געוועזענע "שטאב־געסט" האָזן... האָבן זיך נאָכגעפרעגט אויף דיר, נאָר אויף דיר האָבן זיי געוואָרט... דערציייל איך זיי וואָס ס'איז

פאַרגעקומען, איז מען מיט מעסערס געלאָפן אין טעאַטער אריין. ווען ס׳איז נישט שפּעט, בלוט וואָלט זיך געגאָסן... מיינע שונאים און דיינע שונאים זאָלן אזוי דארפן ס׳לעבן ווי דו האָסט די גאַנ־צע התונה געדארפן. זעסט דאָך: ס׳איז נישטאָ קיין מזל. ארויס־גיין פון דעם לעבן איז אודאי גוט, יעדע איינע פון אונדזעריקע וואָלט געוואָלט האָבן א וויטישן... אָן אויסהאַלטער אָבער ס׳איז נישט קיין גרינגער ביסן. פאָלג מיך: שלאָג א כפּרה מיט אַלצדינג, מיטן גאַנצן גוטן און קום צוריק פאַרדינען... ווי כ׳בין א יידישע טאָכטער. שלאָגן וועט מען זיך איבער דיר. שפּיי אויף אַלעם! קאָנסט צוקערדיק עסן דיין שטיקל ברויט, און מ׳וועט דיר נישט טון קיין טובות. (פּויזע) וואָס כ׳בין נישט גערעכט? נחת זאָל איך אזוי האָבן ווי כ׳בין גערעכט.

ר י י ז ל: הא? וואָס?

ק ו ו אָ ק ע: כ׳בין אפשר נישט גערעכט?

ב ל אָ נ ד ע ר: (קומט אָן דורך דער פראָנט טיר)

ר י י ז ל: אויף דיר ווארט איך, אויף דיר, יינגעל; בריוו! בריוו האָב איך געקריגן, יידיש געשריבן, פון פאריינען. לייען. (שטופּט אים די בריוו צו די אויגן)

ב ל אָ נ ד ע ר: ווי פילט איר זיך, ראָזאָ?

ר י י ז ל: איך דערקען! ס׳איז פון פאריינען: מגן־דודס און צוויי הענט. לייען, לייען איבער.

ק ו ו אָ ק ע: דאָס האָסטו אזוי גערעדט נעכטן? ס׳גאַנצע געסל קלינגט דאָך. פאר די פרויענצימערס האָסטו זיך יאָ אָנגענומען. נו, און אונדזערע מענער? טאטעס פון קינדער זיינען זיי דאָך, וואָס גייט מ׳זיי אויף ס׳ברויט?

ר י י ז ל: (בעט זיך) לייען, יינגל, לייען!

ב ל אָ נ ד ע ר: (לייענט) ״צו דער געוועזענער... מיטגלידערן ראָזאָ! דערמיט ווערט איר אויסגעשלאָסן פון פרויען הילפס־פאריין לויטן פאראגראף פון די סטאטוטן פונקט 11. פאר נישט מאָראַל׳ישקייט — מיט האָכאַכטונג: די פּרעזידענטן. (שפּאַנט אויפגערעגט) הי, הי, עקל, עקל, הי, עקל...

ר י י ז ל: איז גוט, גוט, גוט, גוט, איז גוט. איז גוט...

ק ו ו אָ ק ע: ווער ס׳איז שיין — איך בין קלוג.

ר י י ז ל: איז גוט, איז גוט! — לייען ווייטער, דעם צווייטן בריוו.

ב ל אָ נ ד ע ר: (לייענט) ״מיר האָבן די הערע אייך צו מעלדן אז איר



זענט מער נישט קיין סאָסיע פון דער ערליכער חברה און פון די יידן אין אַלגעמיין. פון אונדז די קאָמיסיאָן״.

ר י י ז ל: אזוי? איז גוט, גוט איז גוט. נו, ווארט נישט, לייען ווייטער!

ב ל אָ נ ד ע ר: נישטאָ מער צו לייענען.

ר י י ז ל: ס׳איז נאָך דאָ, זעכט דאָך א פול טיש, א פולע שטוב. לייען, לייען אַלע בריוו. גוט אזוי, א מצוה אזוי, א מצוה אזוי, גוט, גוט.

ק ו ו אָ ק ע: רויזעלע, מאַמעלע!

ר י י ז ל: כ׳ווייס, כ׳ווייס, ס׳איז מער קיין בריוו נישטאָ. מ׳שרייבט, ס׳וועלן קומען: שפּעטער, מאָרגן, אַלע טאָג וועלן קומען. יאָ קוואָ־קעלע ביזט גערעכט. — מ׳וועט זיך שלאָגן איבער מיר זאָגסטו? איאָ כ׳בין נאָך שיין? נו קוואָקעלע! וואָס וועט זיין מיטן בייכל?...

ק ו ו אָ ק ע: מ׳וועט עס שוין באַזאָרגן... וועסט עס פּטור ווערן, נאָך א שווארץ בענקארט פעלט דיר?

ר י י ז ל: ביזט גערעכט. גיי, גרייט מיר צו דאָס אייגענע צימער, זאָלסט אויסבריען ס׳בעט, הערסט קוואָקעלע? איך בין שוין אָבגעוואוינט פון וואנצן... די געלע פאָרהענגלעך זאָלסטו אויפהענגען ביים פענסטער, מיינע זאכן האָט דאָך דער רוסישער חזיר צוגענומען, — די אָדעסערן, זאָלסטו זיי אָפּנעמען. און ״לילי״? לילי זאָל מיר אויך זיין — ווי פריער, הערסט קוואָקע? ס׳איז גאָרנישט פאָרגע־קומען. אַלץ ווי פריער. א חלום בלויז, א וויסטער חלום. דער דאָק־טאָר, די מאַמע, דער ברודער, אַלץ האָט געחלומט. גאָרנישט איז פאָרגעקומען... ביזט גערעכט, קוואָקע, און זיי זיינען אויך גערעכט. די וויטישע, די מאַמע, אַלע, אַלע.

ב ל אָ נ ד ע ר: ראָזאָ!

ר י י ז ל: דו ביזט אויך גערעכט, נאָר איך איינע בין נישט גערעכט, איך איינע...

ק ו ו אָ ק ע: וועל איך א לויף טון זאָגן וואָס צוגערייטן, אז ס׳האָט זיך אזוי געמאכט. (וויגט זיך איילנדיק ארויס)

ב ל אָ נ ד ע ר: ראָזאָ!

ר י י ז ל: נו, כ׳זאָג דאָך דיר: דו ביזט גערעכט, וואָס נאָך?

ב ל אָ נ ד ע ר: איך וועל נישט לאָזן!

ר י י ז ל: יאָלד! ווער הערט דיך? מיין מאַן האָט מיך ליב ווייל כ׳בין א ווייסע, ווייל כ׳האָב א ווייסע הויט.

ב ל אָ נ ד ע ר: איך — ווייל דו האָסט א ווייסע נשמה.

ר י י ז ל: ביזט א שטערן־זעער? — איך זע גאָרנישט. אסך בעסער איז געווען דאָרט אין געסל. ס'איז טרויעריק געווען האָט מען זיך אָנגעשיכורט. איז וואָס? האָט מען נאָר געפילט ווי ס'ווערן שווער די קניען... דאָ טרינק איך נישט, אָבער שווער ווערט דער קאָפּ. לאָמיך אזוי שווער נישט צום איבערטראָגן, מוז איך צוריקגיין. ס'איז גאָרנישט געווען דאכטן אז ס'איז גאָרנישט פאָרגעקומען, ס'איז גאָרנישט געווען מיט מיר. ס'דאָרטיקע לעבן איז אויך א לעבן. וועסט דאָך קומען צו מיר, קיין בריוו האָב איך שוין נישט פאר וועמען צו שרייבן. דאָס וועט פעלן... (ווישט זיך די אויגן) מילא, וועסטו גלאט אזוי מיר שרייבן בריוו, און דערנאָך צערייסן.

ב ל אָ נ ד ע ר: פון דאנען זיינען די וועגן ברייטע און פרייע. כ'האָב אביסל געלט לאָמיר קיין אמעריקע פאָרן. איך וועל זיין אייער ברודער, און אז איר וועט וועלן...

ר י י ז ל: נישט יעצט, צוליב טון דער מאמען, זיין צווישן יידן.

ב ל אָ נ ד ע ר: ראָזא! און אז איך וועל נישט לאָזן? כ'קאָן אויך שטארק זיין. (ווייכער און צארטער) ראָזא! און אז איך האָב אייך אזוי ליב? אייער קול, איינגאנצן אייך, אייער נשמה אייך ראָזא! איך פארשטיי און פיל און זע אזוי פיל צער אין יעדן קנייטש פון אייער פנים ליגן. מיט מיר קומט. מיך וועט איר נישט דארפן נארן. איך באשטיי אויף אייך אויך. לאָמיך זיין אייער מאן, אייער ברודער, ראָזא!

ר י י ז ל: א ברודער יאָ, א מאן נישט. (ווייזט אויף איר ברוסט) ס'איז גאָרנישטאָ. ס'איז ליידיק. נישטאָ קיין הארץ. וועסט באדויערן.

ב ל אָ נ ד ע ר: ארעם בין איך, אָבער גליקלעך וועט איר זיין ביי מיר!

ר י י ז ל: א ברודער יאָ, א מאן נישט (גלעט אים איבערן קאָפּ) א ברודער, וואָס איז? וועסטו קומען בריוו שרייבן, וועסטו... וועסטו מיר יידישע בריוו שרייבן (גלעט זיינע האָר)

ב ל אָ נ ד ע ר: (קניענדיק) ווען דו וואָלסט מיך אזוי פארשטאנען ווי איך... דיך... (וויינט)

ד ר. ס י ל ו ו א: (אָנגעטון ווי צום גיין) אלזא, (דערזעט זיי אין א צארט ארומגענומענער פּאָזע. אירע פינגער אויף זיין קאָפּ, זיינע ליפּן אויף איר קלייד) אָך, ענטשולדיקט. איר ווייסט? יאָ, דאנא ראזיטא, כ'האָב געוואָלט זאָגן... הם! ענטשולדיקט מיר. איך וועל פּרובן צוריקקומען וואָס פריער.



ר י י ז ל: דאָקטאָר! (גיט א שטופּ אָפּ פון זיך דעם בלאָנדן)

ד ר. ס י ל ו ו א: יאָ? האָ?

ר י י ז ל: ער איז א ברודער מיינער, און איר וואָס ווילט זיין?

ד ר. ס י ל ו ו א: איך? נו יאָ... ער איז דיין ברודער — איך — דיין מאן! היינט ווערן מיר. זיי מוחל... אויף זעקס אזייגער ווארט דער ציוויל ריכטער...

ר י י ז ל: מיין טאטע וועסטו זיין! מיין פאָטער, — מיין מאן נישט. איך קאָן נישט זיין דיין ווייב, זיינס אויך נישט — אלעמענס — יאָ. כ'בין אלעמענס ווייב! יעדן א שטיקל, יעדן א ברעקל. צו איין מאן דארף מען האָבן א גאנץ הארץ, א גאנץ און א גרויס, א ווארעמס און א היים, און איך האָב א צעקרישלט. אלעמענס ווייב קאָן איך זיין, דאָקטאָר, דאָ וועל איך נישט זיין.

ד ר. ס י ל ו ו א: וואו דען ווילסטו גיין?

ר י י ז ל: אהין, אהין וואו ס'איז קיין חשבון אין די טעג נישטא, וואו מען לאכט אָפן און מ'וויינט באהאַלטן.

ד ר. ס י ל ו ו א: מוטער פון גאָט! ביזט קראנק און אויפגערעגט. נאָך נעכטן ביינאכט האָב איך עס פארשטאַנען, בשעת דיין דערקלערונג פארן קאָמיסאר. כ'וועל שוין יעצט נישט גיין ביז כ'וועל רופן א דאָקטאָר, ראָזיטא, א דאָקטאָר.

ר י י ז ל: כ'בין נישט קראנק.

ד ר. ס י ל ו ו א: ערשט נעכטן געווען אזוי גליקלעך דו און איך. דיין בשורה האָט מיך פאראנטוואָרטלעך געמאכט פאר דיין יעדן טריט. נו, און היינט דארפן מיר דורכן ריכטער באשטעטיקט ווערן אלס מאן און ווייב.

ב ל אָ נ ד ע ר: פונם נעכטן ביז היינט ליגט א נאכט אין דערמיטן. (גייט ארוים)

ר י י ז ל: צוריק וועל איך גיין, צוריק. ס'איז גאָרנישטאָ אין מיר אלץ מוז זיין א ליגן.

ד ר. ס י ל ו ו א: איך וועל דיך נישט לאָזן. ניין, נישט לאָזן, ראָזיטא!

ר י י ז ל: קאָן זיין מאָרגן וואָלט שוין פארפאלן געווען. דעם ריכטערס התימה וואָלט דיר מאכט געגעבן מיינע טריט צו צוימען.

ד ר. ס י ל ו ו א: אויב דער ריכטער האָט מיר נאָך זיין מאכט נישט געגעבן, האָט מיר אָבער דער העכסטער הערשער — די נאטור, געגעבן די רעכט איבער דיר צו וואכן, דיך צו שיצן, ווייל אין דיי־

נע געדערעם צאפּלט מיין חלק לעבן פון ווייטערן דור...

רייזל: אָן אונדזעריקע קאָן מען נישט גלויבן. נו, פאַרשטייסט?..

דר. סילווא: ניין, איך פאַרשטיי גאָרנישט.

רייזל: נו, ס׳קאָן דאָך זיין, דו... דו דאַרפסט נישט זיין אזוי זיכער, אז איך טראָג פון דיר בלויז...

דר. סילווא: האַ? געגאַרט? אונטער מיינע פּלייצעס? אין מיין שטוב? אָ, מאַריאַ הייליקע! א פאַרפּלאָנטערטער חלום וויקלט זיך ארום מיינע נערוון, ניין ראָזיטאַ! בין איך קעגן דיר שלעכט באַגאַנגען, וואָס דיין שטראָף איז אזוי צאָרנדיק קעגן מיר?

רייזל: נישט קיין ליבע, נישט קיין האַרץ, בלויז דאַנקבאַרקייט, און דאָס איז זייער ווייניק פאַר דיר, זייער ווייניק.

דר. סילווא: ניין ראָזיטאַ! דו נאַרסט מיך, יעצט נאַרסטו מיך. פאַרפאַלן, כ׳האָב מער קיין שליטה נישט איבער דיר. גיי, אז איך האָב נישט קיין מאַכט. ווייס, אַז מיינע אויגן וועלן תמיד הענגען צו־קאָפּנס דיין בעט, וועלן תמיד זען דיין פּיין, וועלן טרערן פאַלן אויף דיין ברוסט וועלן עס מיינע טרערן זיין.

רייזל: דאָקטאָר! דו ביסט עס טאַקע דער טאַטע פון דעם וואָס ס׳ליגט אונטער מיין האַרץ. דו אליין. איך שווער! (הענגט זיך אָן אין זיין האַלדז)

דר. סילווא: (דערמינטערט) כ׳האָב עס געוואוסט, איך גלויב דיר ראָזינאַ מיינע, ווייב מיינס! (קושט איר אין די הענט) גאָרנישט זאָלסטו מיר ריידן מער. איך ווייס גאָרנישט און פיל גאָרנישט. כ׳לויף גלייך צום ריכטער, נאָכדעם וועל איך מיט דיר צופאָרן און אונטערשרייבן די התימה־שיין. די מאַמע מיטן ברודער וועלן זיין, הערסט? וועלן מוזן זיין, ביז שפּעטער, ביז שפּעטער! ראָזיטאַ! (קושט איר קאָפּ) ביז שפּעטער! (גייט ארויס. רייזל קוקט אריין אין די בריוו. קוקט פאַרשטוינט. צעקנייטשט זיי, רייבט אָן א שוועבעלע צינט זיי אונטער האַלטנדיק מיט די פינגער דעם שפּיץ פונם בריוו, מיט דער אנדערער דאָס שוועבעלע. דאַן קומט חלף און סטאַרע)

הלף: גוט מאָרגן!

סטאַרע: ס׳איז אמת?

הלף: גייסט צוריק אויף ס׳פאַרדינסט?

רייזל: (שווייגט. קוקט זיך אפילו נישט אום)



חלף: אזוי האָט די קוואָקע געזאָגט. א שיינע חתונה האָט מען נעכטן אָפּגעשפּילט, האַ רייזל?

סטאַרע: ווען נישט דיין דאָקטאָר, א, זיצט מען אין דער קוטשע ווי דער סופלאָר אין קאַסטן... גייסטו טאַקע צוריק:

רייזל: (ווייזט די אויסגעברענטע בריוו) איר זעט דאָס אש? האַ? ס׳זיינען מיינע אויסגעברענטע חלומות, דער איבערגוס פון מיינע האָפנונגען.

סטאַרע: סאָפּפּאָ! סאָפּפּאָ! — שפּילט זי דאָך.

רייזל: איר ווייסט אז מען האָט מיך אויסגעשלאָסן פון די וויטישע פאַריינען? (צעלאַכט זיך באַלד) אזוי ווי מען וואַרפט ארויס א הונט פון א סעודה כאַ־כאַ כאַ־כאַ, ערשט נעכטן האָב איך זיי גע־געבן טויזנט טאָלער. מ׳קען מיר נאָך דאָס געלט אויך צוריקשיקן. כאַ־כאַ כאַ־כאַ (לאַכט ביז געוויין)

חלף: האָסטו א זאָרג. הלואי וואָלסטו אויף אונדזער "סאָסיעדאַד" גע־געבן אזוי פיל געלט וואָלסט געזען אונדזער "הייליק אָרט", א צירונג! איך זאָג דיר א צירונג איז עס: א בראָנזענער טויער, א צימענטן פּאַרקאַן מיט טראָטואַרן, בלומען און גראָז. א צירונג זאָג איך דיר. הלואי זאָל מען עס נישט דאַרפן באַנוצן; איבער הונ־דערט מיט צוואַנציק יאָר איז דאָס דאָך א נחת...

רייזל: וויטישע וועט מען דאָרט אויך באַגראָבן, כ׳מיין די וואָס זיי־נען שוין נישט אינם לעבן?

חלף: פאַר וואָס נישט? א בלאַטע, אָדער א חברה־מאַן מעג זיך הונ־דערט מאָל איבערגיסן, ווערן א פיינער מענטש, איז ער אלץ אָן אונדזעריקער. קנאַפּ זיינען זיי אונדזערע סאָסיעס?

פראַנצווייזין: (קומט אָן צולויפן אנגעטון אין ווייסן זייד. טראָגט דאָס הינטעלע) באָן זשור, ראָזאַ! די מאַדאַם זאָגט אז דו קומסט צוריק, איז עס אמת? כ׳בין ארומגעלאָפן אין אלע בלומען געשעפ־טן, געוואָלט דיר קויפן בלומען, קריגט מען נישט אזעלכע וואָס איך וויל. נאַ דיר "לילין". אָך ווי בלייך (קוקט אויפן בויך) אמת?

רייזל: נו יאָ. אָ לילינקע, טאָכטער מיינס (קושט ס׳הינטל) ווי קרע־ציק אוודאי נישט געבאָרן, אוודאי נישט געקעמט (קושט ס׳הינטל). נו, מיר וועלן שוין צוריק זיין. צוריק לילישי!

פראַנצווייזין: צו מיין דאָקטאָר וועסטו גיין, איינס און צוויי. און ס׳איז פאַרטיק. גאָלדענע הענט האָט ער. דינע פינגער אזעלכע וויי־

סע און לאנגע. (קושט איר) לעבן דיין צימער וועל איך נעמען מיינס. ווייסט, די זשאפע איז שוין נישטא, די בלינדע זשאפאנעזערן.

ד י י ז ל: וואו איז זי?

פ ר א נ צ ו י ז ן: כא כא כא, שוין לאנג אוועק פון אונדז. נו, האט זיך ארומגעשלעפט ביז מען האט איר געפונען אין ים. אפשר האט מען זי אריינגעווארפן און אפשר האט זי זיך אליין דערטרונקען... (טאפט איר ווידער דאס בויך) האסט זיך געלאזט אריינגנארן? נאר האט מען זי געפאלמעסט, סטודענטן האבן געריסן שטיקער פון איר, כ'בין זי נעגאנגען דערקענען... א ראזינא? אויפן מארמארנעם טיש איז געלעגן א פעקל צעקאליעטשעטע פלייש... ברררר! ס'שארט נישט, א דימענטענער דאקטאר איינס און צוויי און ס'איז פארטיק. ווי בלייך דו זעסט אויס און נעקנייטשט.

ל י י ז ע ר: (אנגעטון אין א ווייסער פיזשאמע, אנגעהאנגען מיט פאסעקלעך, בייטעלעך, און אין דער האנט האלט ער א פעקל מיט קארטלעך סחורה. שטארק פארשוויצט)

ס ט א ר ע: האצמאך איז דא!

ל י י ז ע ר: נישטא די מאמע!

ר י י ז ל: ביי זיך אין צימער.

פ ר א נ צ ו י ז ן: דיין ברודער איז דאס, א "רוסא?"

ח ל ף: ס'זעט א פרנסה?

ס ט א ר ע: מ'האט אים שוין אויסגעלערנט די ראלע — צו קלאפן.

פ ע ס ע ל ע: (קומט אריין) ביזט שוין דא לייזער? וואס איז דאס אזוי אנגעהאנגען?

ס ט א ר ע: דאס זיינען די היגע ערלעכע געשעפטען, מומעשי, די יידישע פרנסות. (זינגט) "הייסע באבקעלעך יידעלעך היים"!

פ ר א נ צ ו י ז ן: היין מאמע ראזא? א שיינע אלטיטשקע. מוז איך לויפן זאגן דעם דאקטאר ער זאל אין דער היים זיין (גייט ארויס).

ל י י ז ע ר: נו, מאמע! ביזטו צוגעגרייט? א דירה האב איך שוין, א קליין הדרל ביי א ייד. כ'וועל פארדינען וועט מען זיך איבערציען. דער טאג שטייט נישט מאמע.

פ ע ס ע ל ע: ווי איז מיין עלטער! — מ'האט דיר נעגעבן אויף א דירה?

ל י י ז ע ר: דאס ארט דארף מען דא אויסמיידן מאמע, לאמיר שוין גיין. דו ווייסט גארנישט וואס ס'טוט זיך; דער פרעזעס פון דער חברה האט מיר גארנישט געוואלט העלפן, ווייל איך בין איר ברודער.



הערסט מאמע, ווייל כ'בין א י ר ברודער האט מען גארנישט נעוואלט העלפן.

פ ע ס ע ל ע: זי וואלט כאטש געווען א יידיש קינד...

ר י י ז ל: כ'טו דיר צוליב מאמע, איך גיי אויך אוועק פון דאנען, פון גוי. כ'וועל שוין ווערן א פרומע אזוי ווי אלע, אין שול אריין וועל איך גיין, לעכט וועל צינדן כשר עסן און ראש חדש בענטשן, אזוי ווי אלע, וועל איך זיין א פרומע אזוי ווי אלע.

ל י י ז ע ר: קום מאמע, ס'איז נאך ערגער (שטופט זיך די פינגער אין מויל) א, דו פארשטייסט גארנישט מאמע, ס'איז נאך ערגער. קום שוין.

פ ע ס ע ל ע: (וויינט) געקומען צו א קינד און א שטיין געטראפן, ווי איז מיין עלטער.

ד ר. ס י ל ו ו א: (קומט און טרעפט זיי ארויסגיין) איר גייט טאקע? (צו רייזלען) זאלן זיי ווארטן. היינט איז א יום טוב, א גרויסער יום טוב מיר גייען צום ריכטער ארויסנעמען חתונה־פאפירן.

ר י י ז ל: ס'וועט גארנישט זיין. זאלן זיי גיין. גארנישט וועט זיין!

ד ר. ס י ל ו ו א: אבער ראזינא! ס'איז אלץ צוגעגרייט.

ר י י ז ל: יא ס'איז אלץ צוגעגרייט: דער זעלבער צימער, דאס בעט און די געלע פארהאנגען.

ח ל ף: אויב אזוי, האט מיר אויך א גוטן! (שלעפט ארויס סטארען. שארן זיך ארויס)

ר י י ז ל: דאקטאר! פריינט מיינער! וועסט מיר מוחל זיין. ס'איז מיר ענג, ס'איז מיר ענג דא און דארט. עס שטיקט, אומעטום שטיקט מיך, לאמיך ערגעץ גיין. נעגל, שארפע נעגל בייסן זיך אין מיין פלייש אין האלדז אונטער די אויגן, לאמיך גיין כ'ווייס אליין נישט וואו. אפשר וועל איך מארגן צוריקקומען קלאפן ביי דיין טיר; גוטער פריינט כ'וועל דיר זיין א דינסט. א ביישלעפערן, — א ווייב נישט. דו טארסט נישט זיין מיין מאן, ס'וועט דיר שלעכט זיין, איך טאר נישט זיין דיין ווייב איך טאר נישט זיין מיין מאמעס טאכטער, מיין ברודערס שוועסטער, איך טאר נישט זיין מיינע אליין, אירע מעג איך זיין — די קוואקעס! דעם מאטראז'ס אלעמענס מעג איך זיין נאר נישט קיינעמס!

ד ר. ס י ל ו ו א: ראזינא מיינע, ביזט אויפגערעקט, כ'האב עס געזען נעכטן ביינאכט, ווייל איך א דאקטאר רופן. כ'בין אזוי צוגעוואוינט

מיט דיר.

רייזל: וועסטו קומען אהין ווי א מאָל, וועט דאָך בעסער זיין, פאר דיר וועט בעסער זיין.

דר. סילווא: ניין, כ׳וועל דיך נישט לאָזן, דו טאָרסט נישט גיין הפקרן דיין לייב ווען דו טראָגסט מיין קינד אין דיינע גדערעם. איך וועל נישט לאָזן.

רייזל: ניין, איך וועל נישט גיין דאָרטן אין געסל אריין.

דר. סילווא: גאָט מיינער! ביזט ענדלעך צוו שכל געקומען, שיינע ראָזינא מיינע! מאמע מיינע! (כאפּט זי קושן און האלדזן) דער־נאָך וועסטו דאָך א קינדערלע האָבן, וועט דאָך יעדעם ווינקעלע דאָ זיך אנפילן מיט פרייד, די מאמע וועט צוריק קומען, ס׳וועט דאָך זיין אן אייניקל א קליינס, א שפּרינגנעריקס: וועט עס זיין געראָטן אין דיר צו אין מיר? וועט עס זיין א וויים צו א...? (פארקלערט זיך ווערט טרויעריק) אין ביידע וועט עס אריין געראָטן אין דיר און אין מיר. וועט עס זיין "קאפּע מיט מילך" און אפשר גאָר... אָבער די מאַמע וועט דאָך צוריקקומען!

רייזל: דאָ וועל איך נישט זיין דאָקטאָר, דאָ וועט מיין מאמע נישט צוריקקומען.

דר. סילווא: וואָס?

רייזל: דאָ נישט, אָבער דאָרטן צו דער קוואָקע וועל איז אויך נישט גיין. איך שווער דיר כ׳וועל אליין וואוינען פאר זיך אויף א דירה. ס׳וועט קיינער נישט טאָרן קומען דעם קאָפּ וועל איך שפּאלטן אז מ׳וועט קומען צו מיר.

דר. סילווא: ראזינא!

(די פראנצויזן קומט אריין ווינקט צו רייזלען)

רייזל: שוין גיי איך שוין (צו דער פראנצויזן) וואוינט ער וויט?

פראנצויזן: נישט וויט, איך האָב געזאָגט, ער וואַרט.

רייזל: איז ער א געשיקטער?

פראנצויזן: גאָלדענע הענט האָט ער, איינס און צוויי און ס׳איז פארטיק

רייזל: נו, אדיאָס פריינט! זאָלסט נישט בענקען, אדיאָס, אדיאָס, אדיאָס! (כאפּט אויף זיך א מאנטל נעמט אָן די פראנצויזן ביים האנט. שלעפּט זי ארויס. ס׳קומט אריין דער בלאָנדער אינגאנצן עפּעס ווי פארלוירן, נאָך אים שארן זיך נאָך די צוויי דעלעגאטן)



צווייטער דעלעגאט: במקום שבעלי תשובה עומדים... א קליינניקייט?

ערשטער דעלעגאט: מיר ווילן זיך אָפּרייניקן, אָפּשטויבן זיך. קהל וויל זיך דערוווּיטערן פון יענע — קומט עפּעס דערפאר?

צווייטער דעלעגאט: במקום שבעלי תשובה.. א קליינניקייט.

ערשטער דעלעגאט: זי איז עפּעס אנדערש. מ׳קאָן געפינען א התר, אויסגעקויפט די זינד, זיך איבערגעגאָסן, מ׳האָט זי בחנם מבזה געווען, אודאי איז נישט גלייך. וועט מען זי איבערבעטן — וועט זי מוחל זיין.

בלאָנדער: דאָקטאָר!

דר. סילווא: ראָזא? נישטאָ מער! אין טייוולס רשות.

בלאָנדער: צוריק?!

דר. סילווא: ס׳איז דאָ א נישט געזעענער עמיץ, וואָס וויקלט די טריט, וואָס האלט די נשמה ביי זיך אין האנט און שפּילט מיט איר אין באלעם. קאָן זיך א באַלעם האלטן איבער די וואָלקנס לאנג? וואָס איז א נשמה? דורכזיכטיק גלאָז. פאלט עס, צעברעכט עס זיך אינגאנצן.

צווייטער דעלעגאט: ס׳איז א טעות געווען נעכטן, א בפירושער טעות.

דר. סילווא: יאָ, סעניאָרעס, א טעות. ס׳האָט א שטיק ווייסקייט ארומגעקאלערט דאָ אין שטוב, א שטיק ליכט אין מיינע אויגן, מיין ראָזא, — און וואָס איז געבליבן? (רייבט מיט די פינגער דעם אש פון די אויסגעברענטע בריוו, וואָס איז פארבליבן אויפן טיש) אביסל שווארץ אש.

צווייטער דעלעגאט: מיר וועלן זי איבערבעטן, א בפירושער טעות איז געווען, מיר זיינען דאָך נאָר מענטשן.

דר. סילווא: נו גייט, סעניאָרעס מיינע. א גלעזערנע נשמה האָט זי, קריסטאָל גלאָז, זי וועט שוין איצט גאָר צעבראָכן ווערן.

בלאָנדער: וואו, וואו איז זי?

דר. סילווא: אומעטום. אויפן הפקר.

ערשטער דעלעגאט: אזוי גאָר, אזוי גאָר? האָט מען דאָך נישט וואָס צו טאָן.

צווייטער דעלעגאט: הער דאָקטאר... הײנט אין קאָנגרעס...

ד ר. ס י ל ו ו א: יאָ. היינט איז דער קאָנגרעס־פארזאמלונג. דעם **געזעץ** באטראכטן, הא דארף מען גיין?!

ע ר ש ט ע ר ד ע ל ע ג א ט: הער דעפוטאט...

ד ר. ס י ל ו ו א: אודאי דארף מען גיין, גיין! גיין! (גייט אריין צו זיך אין צימער)

ע ר ש ט ע ר ד ע ל ע ג א ט: איז גאָרנישט וואָס צו טון, קומט **עפּעס** דער־פאר? (ביידע דעלעגאטן גייען ארוים.)

ח ל ף: (קומט אָן קלערט א רגע, מאכט זיך שמייכלען) איר ווייסט אפשר ווען ס'קומט אוים ניין טאָג אין ראש חודש שבט?

ב ל אָ נ ד ע ר: (קוקט אים אָן מיט א צעמישטן בליק)

ח ל ף: יאָר־צייט האָב איך דאמאָלס, יאָר־צייט נאָכן טאטן. איר האָט א טאטן?

ב ל אָ נ ד ע ר: (ווי צעמישט) אפשר יאָ.

ח ל ף: וואָס פאר א לשון? — הערט מיך אוים יונגערבוים, איר ווילט נעמען מיין טאָכטער פאר א כלה?

ב ל אָ נ ד ע ר: (קוקט אים אָן גלייך, אין די אויגן אריין אָן באוועגונג)

ח ל ף: איך גרייט אייך שוין דאָס צו זאָגן פון ווי לאנג, דער דראין — די ראָזע האָט אלץ אָפּגעהאלטן. זי האָט געמיינט אפשר אייך אויך פארדרייען א קאָפּ ווי דעם דאָקטאָר דאָ, — א דימענטענער גוי, וואָס איז זי אנטלאָפן? מ'האָט איר אָנגעטרעטן אויפן כבוד, כ'בעט אייך איבער: בליאדישער כבוד...

ב ל אָ נ ד ע ר: (קוקט אים אָן. בלאסע פארבן שפילן זיך אויף זיין פּנים.)

ח ל ף: פאָלג מיך, לאנדסמאן און לאָז דיר ארוים פון שווינדל, זי וואָלט דיך סיי ווי נישט גענומען, און אפילו יאָ? — מיך הער, כ'קאָן זי בעסער ווי אלע אירע ליבהאָבערם, א קראנקע, מיט פארפוילטע לונגען, א שיינער פארגלייך צו מיין טאָכטער: ווי מען נעמט א געמאָלענע ליאלקע, א געזונט שטיק — אייזן. און פאר אָרענטלעכ־קייט? — בין איך א טאטע!

(די קוואָקע און אָדעסערן קומען אָן.)

ק ו ו אָ ק ע: ס'זעט?

ח ל ף: ...ווייסט איר נישט ווען ס'קומט אוים ניין טאָג אין ראש חודש שבט, יונגערמאן?

ק ו ו אָ ק ע: נאָר די פאָרהענגלעך האָט זי געוואָלט די זעלבע. מען זעט זי נישט.



אָ ד ע ס ע ר ן: אפשר איז זי שוין אהינגעגאנגען?

(פעסעלע לויפט אריין ווי זוכנדיק און סאָפּעט. נאָך איר לייזער).

פ ע ס ע ל ע: ווי מיין עלטער, לאָמיך ריידן מיט איר. זי איז דאָך מיין קינד. אפשר וועט זי זיך איבערדרייען.

ל י י ז ע ר: וואָס הייסט, מאמע! ווילסט מיט איר אהיים פאָרן? אזא בושה!

פ ע ס ע ל ע: זי איז דאָך מיין קינד.

ל י י ז ע ר: מאמע, מיר האָבן דאָ גאָרנישט וואָס צו טון.

פ ע ס ע ל ע: אָבער ריידן לאָמיך מיט איר, זי איז דאָך אויך מיין קינד, זי איז נישט מיין קינד?

ל י י ז ע ר: מאמע, ס'איז נאָך ערגער, לאָמיר גיין, מאמע.

ד ר. ס י ל ו ו א: (קומט ארוים פון זיין צימער) שוין אוועק ראָזא — נישטאָ דאָ. ערגעץ אנדערש וואוינט זי. (צו קוואָקען) בחנם מאַ־דאם, וועט נישט גיין צו אייך (הויך) וועט נישט גיין צו אייך. מיט קיינעם וועט זי נישט גיין!

ר י י ז ל: (קומט אָן צולויפן, צעשויבט און צעשאָטן, לאָזט זיך צום דאָק־טאָר נאָך איר די פראנצויזן וואָס וויל איר פארהאלטן)

ד ר. ס י ל ו ו א: ראָזינא! דאָ? מאדרע! (לאָזט זיך צו איר מיט געוויין און פרייד)

ר י י ז ל: (טוליעט זיך צו אים) מעסערם, מיט בלאנקנדיקע מעסערם!...

פ ר א נ צ ו י ז ן: ראָזינא, טייערע, שווייג!! (מיט געבעט צו קוואָקע) **א** מאדאם!

פ ע ס ע ל ע: טאָכטער, קום אהיים. מיר האָבן אויך א גאָט!

ר י י ז ל: די מעסערם, דאָקטאָר, מיט מעסערם האָט ער געוואָלט שניי־דן, מיך צעשניידן, פּאלמעסן, ווי די זשאפּע. (צו דער פראנצויזן) ווי די זשאפּע אויפן מארמאר טיש; זיך לערנען אויף מיר? כ'האָב אזוי מורא.

פ ר א נ צ ו י ז ן: (שטיל צו קוואָקען) גאָלדענע פינגער האָט ער. ס'וואָלט לייכט אריבער איז זי אנטלאָפן.

ד ר. ס י ל ו ו א: (צעעפנט די אָרעמס) מ'איז דיך געקומען איבערבעטן, איבערבעטן. דיין מאמע איז דאָך אויך דאָ. בלייב שוין **ראָזא** מיינע!

ב ל אָ נ ד ע ר: (צעעפנט די אָרעמס) די וועגן זיינען פון דאנען **ברייטע**

און פרייע, וועל **איך זיין דיין...**

פּעסעלע: (צעעפנט די אָרעמס) קום אהיים טאָכטער, מיר האָבן דען נישט קיין גאָט?

קוואָקע: (צעעפנט די ארעמס) שפּיי אויף אלעס, שלאָגן וועט מען זיך איבער דיר. מיך הער, מ'וויל דיך "טשאקען" מיט א צוקערלעכל. קום צוריק אז דו האָסט שוין צוגעזאָגט. די געלע פאָרהענגלעך זיי־נען שוין אויפגעהאנגען.

סטארע: (קומט צו לויפן) דאָ זיצט זי, מאדאם. ס'גאנצע "געסל" איז חרב, מיט שטעקנס שלאָגן זיי זיך די וויטישע. פּאָליציי העלפט זיי מיט. קיין איין שטיבל איז נישט גאנץ. א פּאָגראָם איז אויף אונדזערע. זיי גייען צום קאָנגרעס און צו די רעדאקציעס.

רייזל: (שטופּט די פויסטן אין מויל אריין, טוליעט זיך צו דער פראנ־צויזן) אזוי פיל הענט, אזוי פיל פינגער... גאָלדענע פינגער און פינגער שפּיזן... כ'האָב אזוי מורא פאר די בלאנקנדיקע מעסערס. עליא, שוועסטערל, שיץ מיך! (וויינט אין איר הארץ אריין צעבראָכן און הילפלאָז)

פראנצויזן: אָ מאַריא הייליקע! איך בין נישט שולדיק, פערדאָן מיר מאריא הייליקע, פּערדאָן מיר! (פון אונטן פראלן ארויף דייט־לעכע קולות פון די מאסן, וואָס פאָדערן דער דאָקטאָר זאָל ריידן).

דר. סילווא: הא? דארף מען גיין, דארף מען ריידן?

(גייט צו צום באלקאָן ברעכן זיך די קניען און פאלט)

רייזל: אזוי־פיל גאָלדענע פינגער!... אזעלכע שפּיצנדיקע... אזעלכע שטעכנדיקע אלע ציען... רייסן פּאסמעס אונטער די הויט, אלע שטרעקן זיך און שלעפּן, רופן ערגעץ... זיי שטעכן זיך אריין אין מיר. עליא, שיץ מיך כ'האָב אזוי מורא... (אירע ספּאזמען ווערן שנעלער ווי קיילעכדיקע דונערס וואָלטן ארויסגעקייקלט פון אן אויפגעריסן הארץ.)

**פאָרהאנג**

— סוף —

# פון ל. מלאך

**ביכער וואס זיינען דערשינען אין פארלאג א. גיטלין־ווארשע:**

"אין פּוילן" (ראָמאַן אין פערזן),

"אמאָל אמאָל" (פּאָעמעס און באלאדעס),

"אָפּפאל" (דראמע אין צען בילדער),

לידלעך און מעשהלעך -- פאר קינדער

ביכער וואָס וועלן דערשיינען:

"בוענאָס איירעס" (בילדער),

"בראזיל" (רייזע שריפטן),

"די מויד פון לודמיר" (דראמע אין 3 אקטן),

"ראסינא" (פּאָעמע).

"איבערנוס" (דראמע אין 4 אקטן) — דערשינען.

פּ רייז
עזע
אפיר 1

"I B E R G U S"
(Regeneración)
Drama en 4 actos
de **L. Malach**
Buenos Aires
1 9 2 6

---

**Linotipia y Imprenta de G. F. Salita Corrientes 2227 Bs. As.**